— דאָס לעבען רופט, מידער װאַנדערער!

— מידע קומען מיר פֿון לעבען.

אָפּט עפּעס ווי צופעליג, מ׳ווייס נישט ווי אַזוי און ווי אַרום, טרעפען זיך מענשען צוזאַמען אין דער פרעמד. מענשען פון פערשידענע לענדער, פערשידענע בע־רופען און פערשידענע אָנשויאונגען; פרעמדע ערד בינדט זיי צוזאַמען צו איין משפחה, אפשר קעגען זייער אייגענעם ווילען. אינדערהיים, אין אייגענעם מיליעי, געוועלטיגט די בחירה, קלויבען מיר זיך אויס פריינד און בעקאַנטע. אין דער פרעמד הערשט דער צופאַל, דער אונבעקאַנטער צופאַל.

אינם צופאַל שטעהען מיר נעהנטער צום שיקזאַל. אין צופעליגער בעקאַנטשאַפט שטעקט טיילמאָל אַ סוד. זאָל איך איבערטרייבען? אַנ׳אונהיימליכער סוד.

אויך אונזער בעקאַנטשאַפט איז אַ גאַנץ צופעליגע. מיר האָבען זיך געטראָפען אין אַ פרעמד לאַנד, אין אי־

טאליעז, אין אַ שטיל דאָרף צווישען בערג, אין אַנ'= אָרים גאַסט=הויז. מיר אַלע. דער צופאַל האָט אונז צו= זאַמענגעפיהרט פון אַלערליי לענדער אין אַ פרעמדען איינזאַמען האָטעל צווישען בערג, און מיר האָבען אין אַ גאַנץ קורצע צייט געפיהלט צווישען זיך אַ נאָהנט= קייט, גלייך מיר וואָלטען זיך שוין געקאָנט פון לאַנגע יאָהרען, גלייך ס'וואָלט צווישען אונז געוועזען עפּעס אַנ'אינטימע פאַמיליאַריטעט. וואָס האָבען מיר דען גע= וואוסט איינער פון אַנדערן? אַך, גאָט, וואָסערע לוינען דער צופאַל האָט!

ווער זענען מיר?

נו, פון מיר וויל איך נישט רעדען. אַ יוד. יודען טרעפט מען אומעטום: יודען זענען אין ערגעץ נישט פרעמד. געהערען דעריבער יודען נישט צום צופאַל? איך וויל נישט פילאָזאָפירען. אַ יוד בין איך אַנ'איינ= ציגער. די איבריגע זענען גוים. ריינע אַריער. איינער איז אַ דאָקטאָר פון נאַטור=וויסענשאַפטען. אַ בלאָנדער הוי= כער מאַן, אַ טיפּישער גערמאַנער. ער האָט אַ הויך הילצערן קול און לאַנגע הענד, וואָס זענען נישט פּראָ= פּאָרציאָנעל צום קערפּער זיינעם. דער דאָזיגער דאָק= טאָר איז פון אַ מיטעל=דייטשער הויפּט=שטאָדט (ער איז דאָרט, גלויב איך, פּריוואַט=דאָצענט). אַ מענש 'מיט אַ מאַטעריאַליסטיש וועלט=בילד, אַ מענש מיט אַ קלאָ= רען קאָפּ, אַ מענש וואָס איז אויסטערליש קאָנסעק=

ווענט אין זיינע אָנשויאונגען. שטענדיג בעטאָנט ער עס מאָדנע: פון שטאַנדפונקט פון מאַטעריאַליזמוס.

דער צווייטער איז א נאָרד־לענדער, פון צפון׳דיגען נאָרוועגען. א מענש פון אַסקעטישען אויסזעהן. א קליינער, א דארער, מיט אַנ׳איינגעפאַלענע ברוסט, זעהר אָפּגעלאָזען אין דער קליידונג, עטוואָס אונ־בעהאָלפען אין זיינע בעוועגונגען, א בלאַסליך פּנים און גרויסע גוטמוטיגע אויגען, וואָס שרעקען זיך שטענדיג פאַר עפּעס־וואָס. ער שטאַמט פון אַנ׳אָפּ־געלעגען אָרט אין די פיאָרדען, שוין ביים אייז־מעער, וואו די נעכט ציהען זיך וואָכענווייז און וואָכענווייז די טעג. דער דאָזיגער מענש, צי איז ער א גלח צי גלאַט אַזוי א סעקטאַנט, דאָס האָט ער אונז נישט גע־זאָגט. ער האָט נאָר שטענדיג ליב צו ריידען וועגען זאַכען פון „יענער וועלט".

די דאָזיגע צוויי זענען די סאַמע אינטערעסאַנטסטע פון אונזער געזעלשאַפט, איך דערמאָהן זיי דעריבער בעזונדער.

אַלע די איבריגע צווישען אונז זענען גלאַט אַזוי מענ־שען, געוועהנליכע. זיי צייכענען זיך, דוכט זיך, מיט גאָרנישט ניט אויס. אונבעשטימטע פּנים׳ער. על פּי רוב סוחרים וואָס זענען אַהערגעקומען קיין איטאַליען אין די פעריען זיך אָפּרוהען. אינדערהיים וואָלטען

אָט די אַלע מענשען, די פּשוט'ע מענשען פון „עולם־המעשה", געהאַט גאַנץ קנאַפּ געמיינזאַמעס מיט דעם מאַטעריאַליסטישען דאָקטאָר און מיט דעם בלייכען אָפּגעשראָקענעם סעקטאַנט.

דאָ אָבער שליסען מיר זיך צוזאַמען צו איין משפחה. מיר זענען דאָ צווישען איטאַליענישע בערג, מיר ווילען וואַנדערן ווייטער אַריין אין די טאָלען, וועלען מיר עס מאַכען צוזאַמען.

אַזוי געהען מיר שוין, ליבער לעזער, אַ טאָג צעהן. צווישען בערג, צווישען טאָלען. זאָל איך דיר איבער־געבען דעם גאַנצען פערלויף פון אונזער טור? ניין. איך דערצעהל דיר נאָר אַן עפּיזאָד, אַ גאַנץ קליינעם עפּיזאָד.

---

נאָך אַ לאַנגען טור קומען מיר אַריין אין אַ גראָהע פעלזען־געגענד. אין דער דאָזיגער פעלזען־געגענד שימערט אַרויס דאָס לייכטע בלאָהקייט פון אַ זעע. די וואַסער־מאַסען אין די פעלזען־פעלדער ציטערן ווי אַ שטיק אויסגעריסענער הימעל. זיי ליגען אין טויבער און גרויזאַמער שטילקייט. טיילמאָל בלויז ווערט דאָס

ווייטקייט פון די זעע־וואַסערן בעשריגען פון איינ־צעלע שוואַרצע פייגעל.

צווישען עטליכע ציפּרעסען־בוימער אָפּגעלעגען ביים זעע שטעהען די חורבות פון אַ שלאָס. גראָה, אין באַר־באַריש־גאָטישען סטיל דערהויבט זיך דאָס אין טורעמ־לער צעריסענע געמויער. נעבען אונז ביי אַ פעלזען אונטער אַנ׳אַלטען פערדאָרנטען בוים העננט אַ פּרימיטיוו בילד פון דער מאַדאָנאַ מיטן קינד.

די געגענד איז פון יענע ווילד־ראָמאַנטישע וואָס ענט־פּלעקען זיך ווי אַ וויזיע פאַר אַ מידען וואַנדערער. זיי שרעקען און לאָקען איהם צוגלייך. זיי רופען איהם אַרויס אויס זיינע וועגען ווי אַנ׳אָפּרוה. דאָך אָבער אָטעמען אַזעלכענע געגענדען אונטער אַ וואַנדערערס פוס מיט אַ רויהער און שרעקעוודיגער געהיימניש־פולקייט.

דאָס גראָהע חרוב׳ע שלאָס צווישען די ציפּרעסען־בוימער איז לייכט בעציטערט מיט זון. דער זעע פאַר אונזערע פיס אין זיין בלאָהען הויך ליגט כמעט ווי אונבעוועגליך.

מיר ליגען אויס אונזערע רוק־זעק הינטערן פעלזען אונטערן שאָטען פונם פערטרוקענטען בוים מיטן בילד פון דער מאַדאָנאַ. איינער פון אונזער קאָמפּאַניע— דער בלאַסער נאָרוועגישער סעקטאַנט—צֶלֶמ׳ט זיך פאַר

איהר איבער. דאַן זעצען מיר זיך אַנידער און מאַכען זיך בעקוועהם די קליידער.

מיר האַלטען גראַד אין מיטען אַ געשפּרעך. דאָס דאָזיגע געשפּרעך (כ׳קען מיך קוים דערמאָהנען וועגען וואָס) פיהרען מיר בעת מיר געהען שוין שעה׳ן־לאַנג אויף אונזער וועג. איצטער פאַר דער פּלוצלינג אויפטויכענדיגער אומגעריכטער פעלזען־לאַנדשאַפט ווערט אונזער שמועס אַזוי ווי מיט אַ מאָל איבערגעריסען; ווי עמעצער וואָלט זיין האַנד אַרויפגעלייגט אויף אונזער געהירן און דעם געדאַנקען־גאַנג אָפּגעשטעלט. איינער קוקט אויף דעם אַנדערן ווי אויף עפּעס פרעמדאַרטיגעס. אין דער דאָזיגער גראָהער אונהיימליכקייט האָבען מיר דאָס געפיהל ווי מיר זענען נישט די אייגענע. מיר זענען זיך כמעט ווי אונבעקאַנט־

די מענשען, אַ פּנים, ענדערן זיך אין דער בעלייכטונג, אין דער לאַנדשאַפט.

פּלוצלינג רודערט עפּעס אויף איבער אונזערע קעפּ. דער פערקריפּעלטער און פערדאָרנטער בוים אונטער וועלכען מיר זיצען טוט טרוקען אַ רויש. אַ גרויסער שוואַרצער פויגעל קראַקעט רויה אויף פון צווישען זיינע דורכזיכטיגע מאָגערע צווייגען און פליהט אַפּער.

— ס׳איז אַ מאָדנע נישט־היימליך אָרט דאָ, רופט זיך

דער גרשטער אָן דער בלייכער נאָרוועגער. ער בויגט אפּער דעם קאָפּ און בעקוקט דעם ווארעמען וואָלקענ-לאָזען הימעל.—איך האָב נישט ליב חורבות—גיט ער צו—איבערהויפּט יענע פייגעל, וואָס נעסטען אין זיי, גלייך שווארצע אונפערשטענדליכע געדאנקען. זיי זאָ-גען מיר שטענדיג אָן שלעכטס.

— איהר האָט דאָך איבער איך די הייליגע מוטער גאָטס—איראָניזירט דער דאָקטאָר פון נאטור-וויסענ-שאפטען—זי וועט אייך בעשיצען.

דאָ גיט זיך איינער פון אונזער געזעלשאפט שטיל און סארקאסטיש אַ לאַך אויס. ער איז אַ הויכער שלאנ-קער מאן (אז מען קוקט זיך צו איהם נישט צו, זעהט ער אויס געוועהנליך; קוקט מען זיך אָבער צו איהם צו, כאלט-אויף וואָס פאר אַ מערקווירדיג אויסזעהן ער האָט. ער קוקט אויס ווי אַ סקעלעט אָנגעטון אין מלבושים), זיינע אויסגעשטארטע קינבאקען זענען ווילד בעוואקסען מיט אַ שווארץ בערדל, ער האָט אַ לענג-ליכע אויסגעשפּיצטע נאָז, אין די קנאָכעריגע אויגען-לעכער בליצען אַ פּאָר קליינע קלוגע אויגען; ער טראָגט ברילען.

מיר דרעהען זיך אלע מיט אַ מאָל אום און קוקען איהם אָן מיט שטילע איינגעהאלטענער פערוואונדערונג. מיר וואונדערן זיך אויף זיך אליין. אָט געהען מיר מיט איהם שוין פון טעג און עס איז אונז גלייך מיר

וואָלטען איהם ערשט איצט דאָס ערשטע מאָל בע־מערקט. ווי ער וואָלט דאָ נעבען אונז אויפגעטויכט פון די פעלזען. זיין גאַנצע פיזיאָנאָמ'ע שרעקט אונז אָפּ. זיין פנים קומט אונז זעהר עהנליך אויס צו נ'א פויגעל, צו נ'א מין פערשאָלטענעם און זעלטזאַמען פויגעל, צו נ'אַ מין נאַכט־סאָווע אַזאַ, צו די וואָס זיצען אין די פינסטערע נעכט אויף הוילע אָפּגעדאַרטע בוימער.

— איהר שפעט פון חורבות—רופט ער זיך אָן צום פרייזיניגען דאָקטאָר—איהר שפעט פון זיי ווי פון טויטע פערקלינגענע זאַכען. די חורבות געהערען שוין מעהר נישט צו אונז, זיי געהערען צו דעם וואָס איז געוועזען. דאָך אָבער, מיין ליבער, זענען חורבות נישט טויט. דאָס געוועזענע לעבען אין זיי פערגעהט נישט. אין דעם טונקעלקייט פון די פוסטע שוין האַלב פערשאָטענע זאַלען, אין דעם שאָטען פון קאַלטען שטיינערנעם געמויער פלאַטערט נאָך דער אָטעם פון דעם געשלעכט וואָס האָט דאָרט געלעבט.

דער הויכער בעברילטער מאַן מיט דעם פנים פון אַ סאָווע רעדט צו אונז גאַנץ געלאַסען. ער נעהמט דער־ביי אַרויס פון זיין סיגאַרעטען־פושקע אַ פּאַפּיראָס און פעררויכערט איהם.

— אויב איך האָב קיין טעות נישט, האָט איהר פריהער איראָניזירט די מענשליכע שרעק—צורעדט ער זיך

ווייטער—איך בין נישט אויסען אייך צו בעליידיגען, הערר דאָקטאָר. אָבער אייער איראָניע בעווייזט ווי וועניג איהר האָט עמפינדונג פאַר די טיפקייטען פון דער וועלט. אין אונזער שרעק ריידען נישט בלויז די אורשפּרינגליכסטע יסודות פון אונזער ראַסע, נאָר אויך די עלטסטע, די רויהסטע עלעמענטען פון דעם גאַנ־צען אַל. דאָס געקראַך פון די צעווירבעלטע פייער־אָפּגרונדען, ווען די ערד איז נאָך געוועזען אַ לאַווע־מאַסע; דאָס געבריל פון די הייסע אור־יַמִים, אָט דאָס אַלצדינג אָטעמט נאָך אין אונזער שרעק. די שרעק איז דער דופּט פון אונזער ערד בעת זי איז נאָך געוועזען יונג.

— איך וויל אייך דערמיט נישט בעלעהרען—גיט ער ווייטער צו — מיט זיין לאַנגען ביינעריגען פינגער קלאַפּט ער אָפּ דאָס אַש פון דעם פּאַפּיראָס—איך מיין בכלל; ווי אָרים און ווי קנאַפּ עס איז נאָך אונזער וויסען פון דער מענשליכער נשמה. די נשמה פונם מענשען שטעקט נאָך אין גאַנצען אין פריה־פריהסטען באַרבאַרענטום. נאָך מעהר: ווי ווייט מיר זאָלען נישט רענאָמירען אונזער מענשליך זעלבּסטשטענדיגקייט, האָט זיך דאָך די געשיכטע פון אונזער זעעל אויף אַ האָר נישט בעפרייט פון דער געשיכטע פון אַלגעמיין־קאָס־מישען פּרינציפּ. דאָס איז איהר שענקייט. די פּראַכט־פולע ווילדקייט פון מיסטעריום. אַזעלכענע מאָמענטען

פון עכטע נשמה-ענטפלעקונגען דערלעבען מיר זעלטען-
ווען. דאָס רוב פון די לעבענס פערשוואונדען אָהן צו-
האָבען איינמאָל כאָטש געשוידערט פאַרן אייגענעם
אָפּגרונד. איינציגע נאָר האָבען איהם אַ רגע געזעהען
און זיי האָבען זיך געאַהנט.

מיינע העררען! (דער שלאַנקער סקעלעט-עהנליכער מאַן
האָקט אָפּ און מאַכט אַ קליינע פויזע, דאַן הויבט ער
ווידער אָן:) מיינע העררען, אויב איהר וועט דער-
לויבען, וועל איך אייך דערצעהלען אַ וואונדערליכען
פּאַרפאַל. איך אליין בין געווען דער העלד פון דער
דאָזיגער געשיכטע. אין דער וויסטער געגענד, וואו
מיר געפונען זיך איצט, אין די דאָזיגע גראָהע פעלזען-
פעלדער, וועט זי אייך קלינגען אין טאָן.

נישט אָבוואַרטענדיג קיין ענטפער פון אונז און זיך
נישט אומקוקענדיג אויף קיינעם הויבט ער אָן צו דער-
צעהלען.

---

איך בין פון שטענדיג אָן אַ פריינד פון וואַנדערן.
זינט מיין יוגענד טרייבט עס מיך פון דער היים. די
ערד בריהט מיר אונטער די פיס. איך בין אויס געוועזן

א וועלט. איך פרעג מיך אָבער קיינמאָל נישט וואו און ווּ אוּאהין. ווי לאַנג עס זאָל נישט דויערען געוואוין איך מיך נישט צו דעם וואָס איך זעה. ביי מיינע ערפאַה־רונגען, ביי מיינע רייזעס איז מיר דאָך אלצדינג גע־בליבען אונבעקאַנט.

אַזוי וואַנדער איך תמיד.

איינמאָל אין אַ זומער, שוין אַ היבש ביסעל יאָהרען (איך בין דאַן געווען גראָד עטוואָס קראַנק, געליטען אויף געהירן־געשפּענסטער, דאָך אָבער נעהם איך אויף זיך די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דער ווירקליכקייט פון דער געשיכטע וואָס איך דערצעהל), איז מיר אויס־געקומען צו זיין אין ערגעץ אַ גאַנץ פרעמדע גע־גענד. אַ טאָל. אַ מערקווירדיג איינזאַמער טאָל. מאָדנע שטיל, ווי אויסגעשטאָרבען. ארום איהם אין די האָרי־זאָנטען, ווי היטער פאַר דער דרויסענדיגער וועלט, פאַליעז זיך אַ קייט פון בערגלעך. דער טאָל אַליין האָט מעהר דאָס אויסזעהן פון אַ וויסטען אָפּגעבּרענ־טען סטעפּ.

אויף דעם פערלאָזענעם האַלב־פערוואַקסענעם וועג, וואָס קומט פון ערגעץ וואו און פערשוואונדט ערגעץ־וואו אין דער ליידיגער נידערונג, שפּאַן איך שוין פון לאַנג אָן מיט מיין פּעקל. איין מענש אַליין, קוק איך מיר אויס ווי איך וואָלט געווען דער ערשטער אויף דעם דאָזיגען אָרט.

שוין אַ גאַנצען טאָג כמעט ווי איך וואַנדער אין דעם דאָזיגען מאָל, אָהן אָכרוה. ס'איז הייס, אי די לופט אי די מיט מאָגער גראָז שיטער בעוואַקסענע ערד. איך קאָן מיר נישט קיין אָרט געפונען. די זון האָט מעהר געמאַטערט ווי געבאַקען.

איך זוך אַ מענשליך הויז, איך זוך אַ שאָטען איבער דער גאַנצער אָפּגעפּרעסענער נידערונג, איך זוך אַ מענשליך וועזען. פּוסט. ווי אַ מגפה וואָלט דאָ אויסגעמעקט יעטוועדע שפּור.

איך בין שוין באַלד צוזאַמענגעבראָכען אונטער מיין מידקייט. די קעהל איז מיר טרוקען. איך לעכץ נאָך אַ טרונק.

מיט דער האָפנונג דאָך עמעצען אָנצוטרעפען ציה איך ווייטער.

ענדליך אָבער, נישט לאַנג פאַר זון-זעצען, טרעף איך אָן אויף אַ קליינעם קוואַל. ער ריזעלט קיהל צווישען עטליכע שטיינער. אַ פּעראייגזאַמטע ווערבע וואַקסט נעבען איהם און בעשאָטענט איהם קרענקליך.

איך וואַרף אַראָפּ פון מיר די משא. איך לייג מיך אַ נידער צווישען די שטיינער און טרינק מיך אָן. ס'ווערט מיר לייכטער. דאָס העמד קלעבט אויף מיין לייב פון מידקייט און היץ. איך טו עס מיר אויס און בלייב האַלב נאַקעט. הגם עס איז שוין נאָהנט צו אָווענד

מאַטערט נאָך דאָס טרוקענקייט פון דער לופט. אין דער דאַזיגער גענענד פעהלט אָטעם.
און די אונענדליכע וואָלקענלאָזע הימלען, וואָס ציהען זיך ווי לעערע מדבריות איבער מיין קאָפּ, בריהען.

ווי איך זיך און טראַכט ווי איז מעגליך פון דאַנען אַרויסצוקומען, וואו וועל איך מיך ערגעץ אַהינטון אויף נאַכטלעגער, הער איך ווי אַ שטיל געראויש כויכט אויף פון דער טויבער טרוקענער ווייטקייט. צום ערשטען מאָל פליסטערט עס אויף, ווי דער שאָרך פון אַ ווינד. איך האַלט איין דעם אָטעם און הער. אין דער דאָזיגער מאַטער אויסגעזויגענער וויסטקייט האָט יעטוועדעס מינדסטע גערודער געקאָנט שרעקען. איך פיהל מיך בכלל אויף אַ געשפּענסטישען גישט-זיכערען באָדען. אַ שרעקעוודיגע פּרעמדקייט.
ווי כ'וואָלט מיך פאַר עמעצען געהיטען, לייג איך זאַכט מיין אויער אַנידער אויף דער ערד. כ'ווייס אליין נישט פאַר וואָס איך היט מיך פאַר מיר זעלבער, ווי אַ געהעצטער שפּיר-הונד.
גאַלאָפּירענדע טריט. איך הער אָפּקלאַפּען אינם זאַמד פערד-טריט אין שנעלסטען טעמפּאָ. קוים צו פערנעהמען.

פון דער ווייטער נידערונג שטויבט זיך עטוואָס אויף ווי אַ ווייסער טוי. אַ שטויב-וואָלקען צעוואַקסט זיך פאַ-

מעליך פון ערגעץ־וואו אונטערן הימעל און קאָלערט זיך אהער, ווי ער וואָלט געפּויזט. איך קאָן בשום אופן נישט אין מיר בעהערשען אַ געוויסע אומרוהיגקייט, וואָס האָט דען מורא צו האָבען אַנ׳אומשולדיגער וואַנדערער?

פון איצטער אָן הער איך גאַנץ דייטליך דעם אָפּהילך פון פערדישע טריט.

אָט איז שוין דער שטויב־וואָלקען. ער צעלייגט זיך אין דער היץ. אַ ווייס פערד וויקעלט זיך אַרויס פון איהם ווי עס וואָלט פון דעם דאָזיגען וואָלקען געוואָלט אַרויס־אַנטלויפען. אָט שוועבט עס אַהער איבער דער אויס־געליידיגטער נידערונג. די גאַנצע שטילקייט ווערט פלוצלינג ווי אויפגעלעבט.

אַ רייטער יאָגט אָן אויף אַ מילך־ווייס פערד, צעהיצט און צעהירזשעט טראָגט עס דעם רייטער, עס שטרעקט אויס אין לויפען דעם פעסטען בעגזשיוועטען האַלז ווי שלינגענדיג די ווייטקייט. ווי אַ שטורם קומט עס אָן צום קוואַל.

אַ יונגערמאַן שפּרינגט אַראָפּ. אַ בלוט־יונגער סיציליאַ־נער. ער טראָגט שוואַרץ־זאַמעטענע קליידער, אַזעלכע וואָס מ׳טראָגט נישט היינט און זייער אַרט דערמאָהנט אין מיטעל־אַלטער. ער איז נאָך גאַנץ יונג. די ליניען פון זיין פּנים קענען זיין פון אדעל, אָבער אויך פון

פאָלק, עהנליך צו די פנימ'ער פון פאַזשען ווי זיי ווערען געמאָלט אויף אַלטע בילדער.
ער מעסט מיך אָפּ מיט אַ שטרענגליכען בליק, ווי ער וואָלט זיך נישט געריכט, אַז ס'זאָל נאָך עמעצער אַחוץ איהם פערהאַן זיין אויף דעם דאָזיגען באָדען.

באַלד אָבער ווענדט ער זיך אָפּ צום פערד וואָס גלאַנצט נאָך בעשוימט אינגאַנצען און קאָפּעט די ערד. ער נעהמט עס אָן פאַר די גזשיווע און פיהרט עס צו צום קוואַל.
דאָס פערד טרינקט דאָרשטיג אַראָפּ פונם וואַסער-שפּי-געל. דער רייטער שטעהט נעבען דעם פערד און קוקט צו. איצט דוכט זיך ווי ער וואָלט מיך פאַרגעסען און בעמערקט מיך נישט מעהר. דער גאַנצער טאָג, וואו איך געפין מיך היינט, דער טאָל, דער רייטער, דאָס פערד און דער הימעל, זיי זענען מיר מאָדנע פרעמד, ווי נישט פון דער ווירקליכקייט פון וועלכער איך בין אַרויסגעוואַנדערט.
דעריבער שווייג איך. איך וואונדער מיך אליין איבער מיין געפיהל. אויב איך זאָל מיך נישט שעהמען, וועל איך צוגעבען אַז דאָס דאָזיגע געפיהל האָט מיך אינער-ליך געאַנגסטיגט. איך נעהם זיך אָבער אָן מענליכקייט, דערהויב מיך מיט איינמאָל אויף פון די שטיינער און טרעט צו צום פרעמדען.

— איהר וועט ענטשולדיגען, מיין ליבער מאַן,—מאַך איך עס היימישליך—איך האָב מיך אַהער פערבלאָנזשעט אין אַ טאָל וואָס איז מיר גאַנץ אונבעקאַנט. אַ לאַנגען טאָג שלעפּ איך מיך שוין אַרום אין דער היץ. איך זעה נישט קיין עק. מענשען ווי עס זעהט אויס וואוינען נישט דאָ. באַלד פאַלט צו די נאַכט. איך וועל מוזען בלייבען אויפן הוילען פעלד. ווייסט איהר נישט ערגעץ-וואו אַנ׳אָרט איבערצונעכטיגען?

דער יונגערמאַן דרעהט זיך צו מיר אויס, מיט איין האַנד האַלט ער נאָך דאָס טרינקענדיגע פערד ביים האַלז. ער קוקט מיך אָן.

— אויב איהר ווילט, נעהמט אייך אַ ביסעל אויף רעכטס,—ענטפערט ער ענדליך—איהר וועט דאָרט אָנ-טרעפען אַנ׳אַלט שלאָס. פּריוואַט אָנקלאַפּען.

איך פערנויג מיך פאַר איהם און דאַנק. ער ניקט צוריק מיטן קאָפּ. דאַן גיט ער זיך אַ כאַפּ אַרויף אויפן פערד. אין ווילדען גאַלאָפּ פערשוואונדט ער אין דער נידערונג.

אַ לאַנגע צייט שטעה איך און קוק אין דעם ליידיגען פוסטען טאָל, וואו דער רייטער איז אַנטקומען; דער אונבעקאַנטער. איך קוק און קאָן מיך אַלץ נישט צו-געוועהנען צו דעם געדאַנק אַז איך געפין מיך ערגעץ אויף אַנ׳אָרט, אפשר גאָר נישט אַזוי ווייט פון דער היים. יעדער שפּור פון דעם פּלוצים אויפטויכענדיגען

מענשען איז אַרויספערלוירען פון דער ווייטקייט. איך געפין מיך איינער אַליין אויף אַ וויסטער ערד.

דערווייל אָבער הויבט שוין אָן צו ווערען טונקעלער. די זון איז שוין דערטרונקען געוואָרען אין די לעערע הימלען איבערן סטעפּ. אין דער לופט הויבט זיך אָן צו פיהלען דאָס אָנקומען פון אַ שווערע דעמפּיגע נאַכט. די שטילקייט אינם טאָל ווערט נאָך אונהיימליכער. איך גלויב: איך אַליין וועל זיך דאָ ערגעץ אויסלעשען אין דער דאָזיגער שטילקייט. די שטילקייט ליגט אַרום מיר ווי עפּעס אַנ׳אונזעהעוודיגער גיפטיגער נעבעל. זי שטיקט מיך.
מיט אַ מאָל שפּרינג איך אויף פון מיין אָרט. ווי אַ פער־לוירענער הויב איך אָן צו לויפען.
איך קען מיך קוים דערמאָהנען ווי לאַנג איך לויף שוין אַזוי. איך לויף. די ערד שרומפּט מיר איין אונ־טער די פיס. אַרום און אַרום, פון אַלע הימעל־ווינקלען, הויבט זיך שוין אָן אַרויסצוהויכען די נאַכט.
פּלוצלינג בלייב איך שטעהן.
ווייטער אַביסעל אין דער טאָל־דעמערונג דערהויבט זיך פּאַר מ״נע אויגען אַ געמייער. אַנ׳אַלט גראָהע שלאָס. עהנליך צו אָט דעם דאָ פּאַר וועלכען מיר זיצען איצט. נאַקעטע אָפּגעפּרעסענע מויערען שטייגען אויף פון דער שוין טונקעלער פלאַכער ערד. ווי צוזאַמענ־

זיי וואַקסען שאַטענעס געשפּענסטערהאַפטע געפּרעסטע.
אויף אויס דער וויסטער צופאַלענדער נאַכט.
וואו ניט וואו שטרעקט זיך אַ שפּיציג טורעמעל אַרויס
פון דעם בעדעמערטען געמויער, גלייך אַ געהיימניש־
פולער קאָפּ. עפּעס אַ לעבעדיגער אָנגעכמורעטער ספינקס
הויערט דאָרט איבערן שלאָס.
איך געה נעהנטער צו: קאַלטע אונהיימליכע מויערען.
שווערע גרויזאַמע מאַסען. אַליין אין מיטען דער דאָ־
זיגער נידערונג קריכען זיי אַרויס איינע איבער די
אַנדערע. יעצט פערשליסען זיי זיך פאַר מיר ווי אַ
פינסטער געוועלק. איך שטעה פאַר זיי קליין און אָהנ־
מעכטיג. איך ווייס נישט וואָס אָנצופאַנגען.

---

—דער דערצעהלער האַקט אָפּ. ער שווייגט. מיר אַלע
זיצען רוהיג. איך בעמערק נור איבערן פּנים פון דאָק־
טאָר פון נאַטור־וויסענשאַפטען אַ לייכטען שמייכעל,
אַ שוואַכען איראָנישען שמייכעל.
—בלייבענדיג אַזוי (רעדט דער דערצעהלער ווייטער)
אויף מיין אָרט אָהן ראָט, דערזעה איך ווי אין אַ זייט
ערגעץ וועלבט זיך אַנ'איינזאַם מאַסיוו טויער. ווי מיט

אַ פֿאַנצער איז עס בעשלאָגען מיט נעגעל און פֿער־
ראָסטע אײַזערנע פֿאַסען. פֿאַמעליך מיט נישט זיכערע
שריט וואַג איך מיך צו צוטרעטען. אונטער אַ דעכל
ביים טויער הענגט אַ גלאָק. איך פּרוּוו אַ ציה צו געבען
ביים שטריק.
דער גלאָק טוט זיך אַ וויג. אַ הייזעריגער קלאַנג רייסט
איבער די שטילקייט.
ס'ווערט צוריק שטיל. נאָך שטילער ווי פֿריהער.
ס'פֿערגעהט אַ היבשע צייט. איך שטעה ווי צוגעשמידט
צום אָרט און לויש. איך שפּיץ די אויערען ווי אַ גע־
שלאָגענער הונד.
אַ געקלאַפּ פֿון שליסלען. אַ סך שווערע ריגלען צורוקען
זיך הינטער דעם טויער. אַ קליין פֿענסטערל עפֿענט
זיך. אַנ'ענטבלויזטער גראָהער קאָפּ פֿון אַנ'אַלטען מאַן
שטעקט זיך אַפֿער.
— וואָס איז אייער באַגעהר?—פֿרעגט דער אַלטער רויה.
איך דערצעהל איהם, אַז איך בין אַ פֿערבלאָנזשעטער
וואַנדערער און בעט נאַכטלעגער.
דער גראָהער ענטבלויזטער קאָפּ בעטראַכט מיך בעת
איך רעד. דאַן ציהט ער זיך צוריק און פֿערמאַכט דאָס
פֿענסטערל.
איך שטעה אַנ'אומענטשלאָסענער אויף מיין פּלאַץ הינ־
טער די מויערען.
וואָס וועט זיין?

דערווייל ווערט פינסטערער. אַנ'אונהיימליך גערויש פילט אָן די לופט, ווי ס'וואָלטען זיך איינגעטרוקענטע בוימער ערגעץ־וואו נישט ווייט געשאָקעלט.

די שווערע ריגלען צוריקען זיך נאָכאַמאָל הינטער דעם טויער. באַלד עפענט זיך דאָס טויער מיט אַ געקראַך. אַנ'אַלטער מאַן מיט אַ ווייס בערדל, אין אָפּגעלאָזענער קליידונג ערשיינט פאַר מיר מיט אַ טריב־דערציג־דענע לאַמטער און אַ בונד שליסלען אין דער האַנד. (אַ קירכען־בעטלער?—פרעג איך מיך אין געדאַנק; די אויגען אין זיין אַלטען פערוועלקטען פּנים זענען מיר בעקאַנט. ווי עהנליך זיי זענען צו די אויגען פון יענעם יונגען ריטער ביים קוואַל! יאָ, ווירקליך. עס איז דאָך דער סיציליאַנער, דער בלוט־יונגער ריטער איז דורך דער קליינער צייט אַלט געוואָרען. ער איז געוואָרען גראָה, אָרים, און שוואַך.)

— קומט, זאָגט ער צו מיר קורץ. ער רופט מיך אריין מיטן פינגער.

איך טרעט אריין נישט זיכער. הינטער מיר פערהאַקט זיך שוו ר דאָס טויער.

איך פיהל ווי די וועלט וואָלט זיך הינטער מיר אָפּגעשלאָסען. הויכע טונקעלע מויערען רינגלען מיך איצטער אַרום. אַ גרויזאַם שווייגען. דאָס שווייגען ליגט אויף די מויערען ווי נאַכט. די מויערען זענען נאַס פון אַלטקייט, זיי ווייקען זיך.

איך געפינען מיך אויף אַנ'ענגען הויף. ס'איז שוין גוט פינסטערליך. איך זעה נאָך די ברייטע בעמאָכטע שטיי-נ ר מיט וועלכע דער הויף איז אויסגעפלאַסטערט, אין דער איינזאַמקייט קלאַפּען אָפּ מיינע טריט. פאַר מיר געהט דאָס איינגעבויגענע געשטאַלט פון דעם די-נער. דאָס צולאָזענע געוואַנד בעהענגט איהם אומגע-לומפערט. עס פאַסט נישט אויף איהם; ער קוקט אויס מיטן לאַמטערן ווי אַ וואַנדערענדער הייליגער אין אַ פוסטען קלויסטער ערגעץ.

מיר געהען פערביי פאַר אַ פערלאָזענעם ברונעם. קוים וואָס דער לאַמטערן בעלייכט דעם ברונעם. אַ שטאַנד-בילד שטעהט דערנעבען—די סטאַטוע פון אַ פאַון. אַנ'-אויסטערלישער געץ. דער דינער שטעלט זיך ביי איהם אָפּ. דער לאַמטערן בעטויט דאָס אַלטע לייב פון דער סטאַטוע מיט אַ רויטליכען שיין. איך גלויב: עפּעס אַ לעבעדיג וועזען איז אַרויסגעקראָכען פון דעם ברונעם און וואַרט מיך אָפּ. דאָס ברייטע עהעלהאַפטע פנים זיינס שמייכעלט צו מיר פערגליווערט.

אַ פלוצלינגע מורא בעפאַלט מיך.

דער אַלטער דינער אין זיינע אומגעלומפערטע מלבושים שטעהט אַלץ נעבען דעם ברונעם. ער בויגט זיך אַרי-בער איבערן ראַנד און קוקט אַריין אין די טויבע טיפ-קייט פון דעם אָפּגרונד. ווי עהנליך זיי קומען מיר פאָר, דער דאָזיגער געץ און דער זקן מיטן לאַמטערן:

ווי עהנליך ביידע זענען צום... רייטער ביים קוואל.

— וואָס זוכט דאָס פּערזעהעניש דאָרט אינם פינסטערן גרוב ?—טראַכט איך ביי מיר.

דער דינער מורמעלט עפּעס אונפערשטענדליכעס. איך גלויב צו הערען ווי די טויבקייט אונטען לאָזט זיינע ווערטער נישט אראָפּ. די ווערטער ליגען נאָך אויבען איבערן ראַנד פון ברונעם. דאַן דערהויבט זיך דאָס גע-שטאַלט פון דעם אַלטען און בעוועגט זיך ווייטער איבערן הויף.

איך טרעט איהם נאָך. ווי אנגסטיג דאָ איז! אזא גע-פיהל האָט מען, ווען מ'זאָל פּלוצלינג אָנטרעפען א בע-קאַנטען טויטען, איינעם וואָס מ'איז אליין געווען אויף זיין לְוָיָה און מיט אייגענע הענד געשיט ערד אויפן קבר זיינעם. ס'קומט מיר פאָר ווי כ'וואָלט אַלצדינג דאָס שוין ערגעץ-וואו געזעהן.

ווי לאַנג מיר האָבען זיך נאָך אַזוי בעוועגט איבערן הויף געדענק איך נישט. אין דער דאָזיגער שטומער אָהן-אָטעמדיגער טונקעלקייט איז די צייט מעהר גע-גליכען צו נ'א קרייז.

מיר קומען אריין אין א זיילען-גאַנג. די לאַמטער ווערט עפּעס ווי פון זיך אליין פערלאָשען.

הויכע מאַסיווע זיילען טינקען זיך אין פינסטערניש. מיר געהען אין זיי ווי איבער א ראַנד פון אַן אַלטען

אויסטערלישען וואַלד. אַ וואַלד פון אַ ווייטע שוין פער־
שוואונדענע וועלט. דער דינער שלייכט זיך אין זיי
טיפער אַריין. איך נאָך איהם. הינטער אונז פונם הויף
פיהלט מען שוין איצטער גאָר נישט.
אַ געקלימפּער פון שליסלען. דער דינער ווייטער אַ בּי־
סעל פון מיר אין דער פינסטער שטעלט זיך אָפּ.

עס קראַכט שווער אַ שלאָס. אין דער מויער ערגעץ
הינטער די זיילען עפענט זיך אַ טיר.
דער דינער נעהמט מיך אָן פאַר דער האַנד און ציהט
מיך אַריין. די טיר פערהאַקט זיך שנעל. ער לאָזט מיך
אָפּ. מיר געפינען זיך אין אַ טויטער שטאָק־פינסטער־
קייט. אין דער דאָזיגער שטאָק־פינסטערקייט שפיר איך
מיך ווי איינגעמויערט. איך אָטעם פינסטערניש. אַרום
אונז נעצט קאַלט געמויער. איך האַלט מיך אָן אָן דעם
געוואַנד פון דעם דינער. איך זעה איהם נישט. איך
האָב נאָר אַ האַנד פול מיט געוואַנד. איך רוק מיך
פאָרויס וואו אַהין דאָס דאָזיגע קלייד פיהרט מיך.

מיר געהען אין אַ הייל צי אין אַ קאָרידאָר (איך קען
עס קוים אונטערשיידען). מיר זענען ווי פערגראָבען
אונטער אַן׳אונבעקאַנטע ערד. ווייט, אומענדליך ווייט
פון דער וועלט. איך ווייס נישט צי מיר געהען, צי מיר
ריטשען זיך. דער דינער, דוכט זיך, איז ווי פערשוואונ־

דען. איך האָב נאָר אַ האַנד פול מיט געוואַנד. איך האָב נאָר אין מיין האַנד אַ שאָטען, אַ געשפּענסט וואָס בעוועגט זיך ערגעץ נעבען מיר. איך בלאָנזשע איהם נאָך.

איך שטרויכעל מיך איבער עטוואָס. עס זענען טרעפּ.

מיר הויבען אָן צו שטייגען אויף טרעפּ. איך קלאַמער מיך קראַמפּהאַפט מיט די פינגער אין דעם ווייכקייט פונם קלייד. פון דער שטילקייט רוישט מיר דער קאָפּ. הגם איך געפין מיך איצט אין אַ גרוב־פינסטערקייט, פערמאַך איך טיילמאָל אליין די אויגען. איך דרוק זיי פעסט צו און לאָז מיך אונבעשטימט וואוהין איך ווער געפיהרט.

די טרעפּען דרעהען זיך אין דער הויך אַרויף. מיר דער־הויבען זיך ביסלעכווייז אינם קאָרידאָר. ס'מוז זיין אַ טורעם מיט שווינדעל־טרעפּ. מיר קומט פאָר, ווי ס'וואָלט אונז עמעץ געטראָגען אינם דאָזיגען שטיי־נערנעם געביי, וואו די שטיינער זענען פייכט פון אַלט־קייט, וואו זיי פוילען דאָ אין אייביגער צוזאַמענגע־שטיקטער נאַכט.

און מיר, צוויי מענשען, ניין, איך און דאָס גע־שפּענסט, וואָס כ'זעה עס נישט, אונזערע הערצער קלאַפּען דאָ איינציג. מירביידע. די איינציגע פער־טרעטער פון דער וועלט.

ווי לאַנג מיר זענען אַזוי געגאַנגען קאָן איך נישט גע־
דענקען. מיר איז עס פאַרגעקומען אַנ׳אונענדליכקייט.
אַ לאַנגע פינסטערע אונענדליכקייט, אַ קאַלטע, אַ קבר־
דיגע, אין וועלכער עס בעוועגט זיך נאָר איך און
אַ שאָטען. איך מיט צונויפגעפּרעסטע פינגער איז אַ גע־
וואַנד, און דער שאָטען פאָראויס פאַר מיר.
אַ קיהלע ביינערדיגע האַנד נעהמט אָן מיינע. אַ שטיל
אָבער גראָבליך קול פּליסטערט מיר ביים אויער:

— בויגט זיך אַ ביסעל איין. מיר זענען באַלד אין זאַל.
איך וועל אייך מעלדען ביי דער גנעדיגער פרוי.

איך פאָלג און בויג מיך איין. ער פיהרט מיך אַזוי עט־
ליכע טריט. מיר מוזען זיין אין אַ׳נענגען לאָך. איבער
מיין קאָפּ פיהל איך די פערדומפּעצטע מאַסע פון גע־
שטיין ווי זי טויעט אין איהר שוויס.
אָט ו ערט אַרום אונז עטוואָס פרייער. איך דערהויב
מיך. מיר געפינען זיך אין אַ גרעסערען רוים. די פינס־
טערניש אין איהם איז אַדורכגעפּייכט מיט אַ טריבען
רויטליכען שימער.
איך פּריוו מיך אומקוקען. פון ערגעץ־וואו טיפער,
טריפט אַרויס אַ שוואַך ליכט. דער דינער לאָזט מיך
דערווייל אָפּ.
— וואַרט דאָ צו—זאָגט ער.

ער פערשווינדט מיר פון און ער דער האַנד.

---

דער סעקטאַנט פון נאָרוועגען האָט איבער אונגעדולדיג:

— נו וואָס איז געוואָרען? האָט איהר נישט געפרעגט ביים אַלטען וואו איהר זענט?

— ווייס איך. נאַרישקייטען—מורמעלט שטיל דער דאָקטאָר—איהר גלויבט טאַקע אַלצדינג?

— לאָזט דאָך דערצעהלען דעם הערר, בייזערט זיך איינער פון צווישען אונז.

דער דערצעהלער וואַרט ביז מיר בערוהיגען זיך, דאַן הויבט ער ווייטער אָן:

— איך בלייב אַליין. אינם ערשטען מאָמענט שטרעק איך אינסטינקטיוו אויס די האַנד און פריוו דעם אַנטקומענעם פאַרשוין אָנצוכאַפּען. איך בערוהיג מיך באַלד. די פינסטערקייט איז דאָ נישט אַזוי רויה און צוזאַמענגעפּרעסט. זי דריקט מיר נישט אַזוי אויפן הארץ. איך אָטעם לייכטער.

איך שטעה אַ קורצע ווײַלע מיט אויפגעריסענע אויגען.

איך געה עטוואָס פאָרויס. פריוו מיך אָנצוהאַלטעי ביי

דער וואַנד. די וואַנד איז גלאַט. אַ פּאָלירטע גלאַטקייט. איהר קיהלקייט איז אָנגענעהם. ס'איז נישט מעהר קיין גראָבער נאַסער שטיין. די וואַנד מוז זיין אויס מאַרמאָר, ווייל מיין האַנד גליטשט זיך איבער איהר קיהלקייט.

דער שיין אינם רוים קומט מיר אויס אַ ביסעל העלער. איך געוועהן מיך גיכער צו איהם צו. ער ציטערט צווישען די פינסטערע שאָטענעס ווי רויטליכער טוי.

זיך אָנהאַלטענדיג פאַר דער וואַנד ריטש איך מיך אַלץ ווייטער. דער ליכט-קוואַל דערנעהנטערט זיך צו מיר. עטוואָס עהנליכעס צו אַ פאַקעל פלאַקערט בלאָה ער-גענץ אין אַ פינסטערן ווינקעל.

אָט בין איך שוין ביים פאַקעל. אַ הויכע מאַסיווע פיגור שטעהט דאָרט. אַ געפּאַנצערטער מאַן. אַ גרויזאַמער ריטער איינגעפּאַנצערט אין שטאָל און אייזען. מיט אַן'אַראָפּגעלאָזענעם העלם-וויזיר איבערן פּנים. ער קוקט אויס ווי דער געפּאַנצערטער טויט. שטום און געהיימניספול, ווי דער געפּאַנצערטער טויט. ער שטעהט אַ מעכטיגער אין זיין טיפען שווייגען. ער לאָקערט אויף עמעצען. אין איין האַנד האַלט דער דאָזיגער אייזערנער ריטער, אַ רויהע שטאָלענע שווערד, אַ פינסטערע מלחמה-שווערד, אין דער אַנדערער—אַ בעכער, אַ באַרבאַרישען באָקאַל.

פון דעם בעכער ברענט אין דער טונקעלקייט אריין א פאקעל.

איך שטעה און קוק אויף דעם שווארצען שרעקליכען מאן מיט דעם בלאָהען פייער־קנויל אין דער האנד. יעדען מאָמענט דוכט זיך מיר: אָט ריהרט ער זיך ארויס פון זיין אייזערנעם געביי. אָט דערהויבט ער דעם העלם־וויזיר פון איבערן פנים. איך דערקען איהם. איך האָב איהם געזעהן אין אנגסטליכע חלומות ביי־נאכט. אויף א בית־הקברות. ער איז מיינס א בעקאנטער פון די האלוצינאציעס ארויס. ער איז אמאָל געווען ביי מיר אין צימער—ס'איז געווען פינסטער—ער האָט זיך צוגעזעצט צו מיין טישעל און מיך צוגערעדט צו זעלבסט־מאָרד, דער דאָזיגער שווארצער געפאנצערטער מאן. ער רופט אויס מיין נאָמען.

— שטילע טריט נעבען מיר. א קאלטער שוידער רי־זעלט מיך א דורך.

דער אלטער דינער ריהרט מיך אָן ביי דער פלייצע.

— קומט—זאָגט ער קורץ.

דאָס הארץ הויבט מיר אָן אונרוהיג צו קלאפען. איך געה איהם נאָך.

מיר געהען נאָך אביסעל אינם קאָרידאָר. דער מאן מיטן פאקעל בלייבט הינטער אונז.

אונזערע טריט לעשען זיך אין דעם ווייכקייט פון אַ טעפּיך.

דער דינער שטעלט זיך אָפּ. ער מוז ערגעץ־וואו געבען אַ דרוק מיט דער האַנד.

עס פראַלט זיך אויף פאַר אונז ברייט און מאַיעסטעטיש אַ טיר.

מיר שטעהן אויף דער שוועל פאַר אַ טיפען אָפענעם זאַל. אין דעם ערשטען מאָמענט בלענדט מיר אין די אויגען פאַר דער פּרייקייט. דער זאַל איז אונענדליך ברייט, הויך. ער דערמאָהנט אין דער טונקעלער טרויעריגקייט פון אַנ'איינזאַמע גאָטישע קירכע. עס איז אין איהם שטיל. פייערליך. האַלב־טונקעל און שטיל. עס איז אין איהם אַ פיינע אונהיימליכע קיהלקייט. אַנ־ערנסט.

אין מיטען זאַל אַראָפּ, אין אַ שווערען הענג־לייכטער אויס בראָנז, ברענען עטליכע ליכט. גרויסע וואַקס־ליכט. זייער שוואַכער זאַפּטיגער אָפּשיין גיט צו דעם האַלב־טונקעל אַ שטימונגספולען סוד, אַ פאַרביגען מיסטיציזם פון אַנ'אַלט קאַטוילישׁ הייליגטום.

די טיפקייט פון די נישען אין די ווענד זענען אויסגעגלאָשען. ס'מוזען דאָרט זיין בעמאָלטע פענסטער, וויטראַזשען.

עס דוכט זיך עפּעס ווי אין די קיהלע טונקעלע ווינקלען קניען שוואַרצע געשטאַלטען און בעטען.

איך בלייב אַ רגע שטעהן אויף דער שוועל. איך קוק מיך אום. ביסלעכווייז געוועהן איך מיך צו צו דער בעלייכטונג. דער זאַל איז רייך. זיין רייכקייט איז רויה. פינסטערליך. ער האָט אין זיך עפּעס פון די אָנגעכמורעטע פאַנטאַזיע פון מיטעל-אַלטערליכע נזירים. הויכע בויגען-אַרטיגע געוועלבען מיט אָפּגעבלאַקירטען מאָזאַיק. צושטעלטע מעבעל אין גאָטישען סטיל. אויסגעהאָנגענע האַפטען מיט איינגעוועבטע שלאַכטען, ריטערליכע לאַנדשאַפטען, פעראיינצעלטע שעפער-סצענעס. אויף אַ טייל פון דעם מעבעל זענען אויסגעשפּרייט טעפּיכער; אַנ'אַרבייט פון אומבעקאַנטע הענד.

אין אַ זייט שטעהט אַ שווערער טיש. דער טיש בעדעקט מיט אַ טישטוך· אויס שוואַרצען זייד. דאָס טישטוך איז אויסגעשטיקט מיט גאָלד. גאָלד-פראַנזען זוימען עס אַרום און הענגען אַראָפּ דערפון ביז צו דער ערד. אויפן טיש שטעהט אַנ'אייזערנער צֶלֶם אויף וועלכען ס'איז אָנגענאָגעלט דאָס קנאָכיגע לייב פון אַ קריסטוס אויס העלפאַנט-ביין.

אין מיטען דעם מיסטעריעז-בעלויכטענעם זאַל פיהרט מיך דער דינער צו צום טיש. דאָס שוואַרצע זיידענע געוועב איצטער אין דער נאָהנטקייט קוקט אויס ווי דאָס כתים-טוך פון דעם בלייכען צום סקעלעט-געפּייניגטען גאָט. עס ליגען נאָך אויפן טיש עטליכע הלייניגקייטען אויס גרינעם מאַרמאָר.

—שטעהט דאָ, זאָגט דער דינער (זיין קול קלינגט אַ מינוט זילבערן און יונג. עס דערמאָהנט מיך דאָס קול פון סיציליאַנער ביים קוואַל. גלייך פערוואַנדעלט עס זיך. עס ווערט אַלט, רויה און שלאָגט אָפּ אונהיימליך ווי פערדומפּעצט אין דער קיהלער אימפּאָזאַנטער ליידיגקייט)
— באַלד וועט זי קומען די גנעדיגע פרוי.

— ווער וואָהנט דען דאָ ?—רעד איך דאָס ערשטע מאָל זינט איך געפין מיך אין די דאָזיגע געהיימנישפולע מוירן (אַנ'אייביגקייט). מיין אייגענע שטימע פּע וואונדערט מיך, זי קומט מיר אויס פרעמד.

— איהר איידעלקייט—ענטפערט דער דינער. ביים וואָרט „איידעלקייט" פערנויגט ער זיך פאַזשען-אַרטיג (פאַר זיין אומגעלומפּערטער פיגור איז די דאָזיגע עלעגאַנטע בעוועגונג אויסגעקומען קלאָון-עהנליך)—איהר איידעלקייט די פרוי פון שלאָס (פערנויגט זיך נאָך אַמאָל).

אין דעם טויט-שטילען גאָטישען חלל ציטערט אויף אַ קוים בעמערקבאַר גערויש.

— זי פאַטשט אין די הענד—בעמערקט שטיל דער אַלטער—זי הייסט אונז וואַרטען.

איך קאָן אַלץ נישט מיינע אויגען אָפּרייסען פון דעם שוואַרצען זייד-טוך וואָס אויפ'ן טיש און פון בלייכען סקעלעט-עהנליכען יֵשו (צי געפין איך מיך ערגעץ אין

אַנ'אונטערערדישען משפּט־זאַל פון אַנ'אַנאָנימער אינ־
קוויזיציע ?) .
איך ווייס נישט אויב ס'איז דאָס אַלצדינג צוצושרייבען
מיין דאַמאָלסדיגע געהירן־קראַנקהײט און דאָס אַלץ
וואָס איך דערצעהל אייך דאָ איז בלויז אַ קרענקליכע
וויזיע. מיינע הערן, ניין, גלויבט עס מיר; הגם ס'קלינגט
אַ ביסעל פרעמדליך, איז דאָס אַלצדינג ווירקליכקייט.
אמת'ע ווירקליכקייט. איך בין עס פולקאָם זיכער. דער
לויף פון די זאַכען איז טיילמאָל אַזוי קאָמפּליצירט—
כ'וואָלט זאָגען: אומגעריכט—אַז מיר גלויבען אַליין
נישט די אייגענע חושים. נישט שטענדיג זענען די
גרענעצען צווישען מעגליכקייט און ווירקליכקייט בולט
אָנגעצייכענט. טיילמאָל פערלירען מיר אַליין דעם וועג.
דעם וועג פון דער ווירקליכקייט. מיר שטעהען אָהן
הענד און פרעגען וואוּאַהין. מיר זענען דאַן גרייט זיך
זעלבער אָפּצולייקענען. יאָ, זיך צוצושרייבען קראַנק־
הייטען, מיאוסע מח־קראַנקהייטען, אַבי נישט נאָכצוגע־
בען די וואָהרהייט פון אונזערע חושים. מערקווירדיג.
דער מענש וואָס בויט אַלצדינג אויף זיינע חושים,
גלויבט אין זיי אַזוי און שטעלט אַלץ אויף זיי, אַז טאָ־
מער געהען זיי אַביסעל טיפער ווי אויבערפלעכליך—
איז דער דאָזיגער מענש דער ערשטער וואָס איז גרייט
זיי אויסצולאַכען און די אַלע זאַכען אָנצורופען נאַרישע
אילוזיעס. טאָמער עמפּינדען אונזערע חושים אַביסעל

טיפער, אַ ביסעל אמת׳ער ווי געוועהנליך, שיקען מיר דעם מענש אין משוגעים־הויז. מיר זענען נאָך אַזוי נאַיוו און גלויבען אַז מענשען קענען פילאָזאָפירען.

---

אונזער דאָקטאָר קאָן זיך שוין מעהר נישט איינהאַלטען. ער האַקט איבער מיט אַ בעהאַלטענער אויפרעגונג:

— נו, איהר ליבער מענש. איהר רעדט צו געוואַגט איבערן מענשליכען דערקענען. פאַנטאַזיעס. איהר זענט דאָך אַליין מודה, אַז איהר זענט דאַן געווען קראַנק.

איבערן פנים פון דערצעהלער בעווייזט זיך אַ געוויסע אומבעהאָלפענקייט. ער ווענדט זיך צו אונז מיט שטומע בליקען, ווי ער וואָלט געבעטען הילף.

דער נאָרדישער סעקטאַנט זאָגט בייזליך און אונגעדולדיג:

— הערר דאָקטאָר, לאָזט דאָך אַ מענש דערצעהלען.

דער שוואַרצער דערצעהלער ווערט רויטליך, ער שטאַמעלט אַרויס:

— איך בין זיכער אַז דאָס אַלצדינג וואָס כ'דערצעהל איז וואָהרער אמת, (ער קומט צוריק אין זיין זיכערען טאָן:) כ'האָב אייך שוין געזאָגט, מיינע הערצען, אַז פון שרעק דאַרף מען נישט אָפּלאַכען. שרעק, מיינע הערצען, איז אַ גאָטהייט. אפשר די אונפערשטענד־ליכסטע גאָטהייט. און מען מוז אין איהר גלויבען. אויך איך האָב אין איהר געגלויבט. איך בין דער גלויביגער פון שרעק, מיינע הערצען. זי איז מיין אמונה. יעדער מענש האָט זיין אמונה. איך האָב זאָגאַר געגלויבט, מיינע הערצען—הגם ס'איז קראַנקהאַפט—אַז יענע שוואַרצע לייט וואָס פלעגען זיך מיר בעווייזען אין מיינע חלומות און האַלוצינאַציעס, האָבען מיך אַ הער פערנאַרט אין דעם דאָזיגען כשוף־קעסעל. אַז ס'איז דאָס אַלצדינג אַ בייז שפיל זייערס. זיי זענען אויסען מיר שלעכטס צו טון.

איך מיין דאָס גאַנצע גראָהע שלאָס אויפן אונבעקאַנ־טען פעלד, אין אַנ'אונבעקאַנטער נאַכט. דער געהיימ־ניסבול בעלויכטענער גאָטישער זאַל. דאָס שוואַרצע מתים־טוך. דער ריטער. און ער, דער אומגעלומפערטער אַלטיטשקער דינער נעבען מיר. ווי עהנליך דאָס אַלצ־דינג איז איינס צו דאָס אַנדערע, צו אַלדי שדים. ווי קאָמיש עהנליך. אהאַ! דער דינער. ווי עס האָט זיך דאָס פערבויגען, דאָס דאָזיגע עקעלהאַפטיגקייט, פאַרן בלויזען נאָמען פון דער אונבעקאַנטער נישט געזעהע־

נער דאַמע. (פּויזע) פּונקט אַזוי האָט ער זיך אינם שלאָס־הויף אַראָפּגעבויגען אינם ברונעם אַריין און עפּעס אַריינגערעדט אין דער טויבקייט פון די טיפענישׁ. ווייס איהם דער טייוועל.

דער מיט קליידער בעהאָנגענער גולם, דער דינער, ריהרט זיך נישט.

— זי פּאַטשט אין די הענד—רופט ער זיך נאָך אַ מאָל אָן צו מיר מיט זיין אונהיימליך קול און שפּיצט אויף די אויערען—אָט געהט זי.

ערגעץ־וואו אינם זאַל עפענט זיך שטיל אויף אַ טיר (די טיר האָב איך פריהער גאָר נישט בעמערקט, זי איז געווען פערשניצט אין די וואַנד), אַ קליינע קוים אָנ־זעהעוודיגע פיגור קומט אַריין.

דער דינער פערבויגט זיך טיף, אונטערטעניג. די פיגור דערנעהנטערט זיך. ס'איז אַ פרוי. אַ גאַנץ קליינע פרוי. פּולע גראָהע לאָקען. זי טראָגט אַ בלאָה־זיידען קלייד וואָס איז אין גאַנצען בעשוימט מיט טיולען און שפּיצען. ווייסע טיולען און שפּיצען. ס'איז אַ קינד אין טיולען און שפּיצען.

ניין, ס'איז אַנ'אויסגעפּוצט לעבעדיג פיגורל אויס בע־מאָלטען פּאָרצעליין.

ס'איז אַ ליאַלקע. זי איז נור געווען אַ ליאַלקע אויס בעמאָלטען פּאָרצעליין, מיינע הערן.

אינם פּאַרצייטישען שפּיצען־קלייד, מיט אַנ'ענג צוזאַ־

מענגעשנירטע טאַליע, קוקט זי אויס ווי אַ כלה-מיידעל. זי איז לגמרי נישט גראָה די דאַמע. זי איז נאָך בלוט-יונג. איהר געזיכט איז ראָזיג. לייכט געפּודערט. קינ-דיש. פּופּענהאַפט. דאָס פיגורל האָט אין זיך עטוואָס פון אַנ'אויסדרוקלאָזען וואַקס-מענש.

די אויסגעשמינקטע ליאַלקע, די דאַמע, געהט צו צום טיש. מירביידע ריהרען זיך נישט. זי הויבט אויף איהרע אויגען, גרויסע בלאָהע אויגען וואָס קוקען אונ-שולדיג, ווי אָבוועזענד, אין דער וועלט אַריין. זי בע-טראַכט מיך אַ ווײַלע.

— ווער איז דער מענש?—פרעגט די פרוי אין די גראָהע לאָקען מיט זעהר אַ שטיל, שוואַך קול. (כמעט אַ מע-כאַניש קול.)

— אַ פרעמדער. ער האָט אָנגעקלאַפּט ביי נאַכט אין אונזער טויער, ענטפערט דער דינער, אַ פערבלאָנזשע-טער פרעמדער.

און צו מיר:

— צו וואָס האָט איהר דען אָנגעקלאַפּט?

איך נעהם אָן מוט און דערצעהל מיט אַ גאַנץ נידריג קול, מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער, דאָס אַלצדינג וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט במשך דעם היינטיגען טאָג אינם טאָל. פון דער אויסטערלישער וויסטקייט פון דער לאַנד-שאַפט, פון מיין מידקייט און ווי אַזוי דער רייטער

האָט זיך מיר בעוויזען ביים קוואַל אין מיך געהייסען אהער געהן.

— זאָל ער דאָ בלייבען איבער נאַכט, פליסטערט די דאַמע (זי מאַכט קוים מיט די לעפצען), ער קאָן מיט אונז עסען.

דער דינער פערנויגט זיך און פערשווינדט.

מירביידע בלייבען שטעהען ביים טיש אָהן אַ וואָרט. איך און די דאַמע אין די גראָהע לאָקען.

דער דינער קומט צוריק מיט אַ טאַץ. אויף דער טאַץ שטעהט אַן'אַלטערטימליך סערוויז אויס בעמאָלט און געשליפען גלאָז. עטליכע פעניצען ברויט און קעז.

דער דינער שטעלט אויס פאַר דריי פערזאָן. ער ברענגט נאָך צום טיש צו שטוהלען. די דאַמע גיט מיר אַ ציי־כען זיך צו זעצען. איך זעץ מיך. די דאַמע פאַרנעהמט איהר אָרט אויבען־אָן.

דאָס גאַנצע מאָהלצייט געהט צו ווי אַ טויטען־סעודה. אַ קאַלט אונהיימליך שווייגען. כ'גלויב, מ'הערט ווי דאָס בלוט רינט אין אונזערע אָדערן. אינם טונקעלען אימפּאָזאַנטען זאַל זיצען מיר ביים טיש ווי פיגורען אויף אַ געמעל. מיר אַלע ריהרען זיך כמעט נישט. מיר עסען קוים. מיר עסען טעאַטראַליש. איך האָב מיך קוים צוגעריהרט צום ברויט. די דאַמע האָט איין מאָל מיט איהר ווייסע קינדיש־קליינע האַנד אָנגענומען אַ

טיי־שאָל און זי שוואַך צוגעפיהרט צו די ליפּען.

נעבען מיר זיצט דער אַלטער דינער. אויך ער נעהמט נישט פונם ברויט. נור עטליכע מאָל טוט ער אַ זיפּ פון אַ שאָל. ווייס דער טייוועל צי עסען נישט די דאָזיגע מענשען, צי איז עס נור אַן'אָנשטעל?
מיט אַ מאָל בלייבען זיי ביידע זיצען אָהן בעוועגונג.

— איהר האָט גערעדט צו איהם אַריין אין דעם ברונעם? — פרעגט די דאַמע קאַלט, מיט אַ טאָן גלייך זי בעמערקט מיך נישט.

— איהר ווייסט דאָך, גנעדיגע פרוי, פון דעם ברונעם אַרויס ענטפערט ער נישט — זאָגט דער דינער מיט דעם זעלביגען טאָן.

די דאַמע גיט אַ ציטער. ביי דעם פייכטען ליכט־גלאַנץ וואָס איבערן טיש בעמערק איך ווי איהר ראָזיג ליאַלקע־פּנים רייטעלט זיך. איהרע דינע קינדישע ליפּען גיבען זיך אַ בעוועג.

— דער פערשאָלטענער ברונעם — טראַכט איך ביי מיר (איצטער האָב איך נישט קיין מורא. איך בעטראַכט מיר גאַנץ קאַלטבלוטיג די דאָזיגע צוויי לייט).

זיי אָבער נעהמען ווידער אָן די פריהערדיגע פּאָזען. די דאַמע גיט נאָך אַ מאָל אַ ניפּ צו איהר טיי־שאָל.

מיט אַמאָל דערהויבט זי זיך פונם שטוהל. דער דינער מיט אַ בעוועגונג פון אונטערטעניגקייט דערהויבט זיך נאָך איהר. זי לייגט אַנידער איהרע צוויי ווייסע קליי־נע הענד אויפן שוואַרצען טישטוך. זי נעהמט אָן דעם העלפאַנט־ביינערנעם קריסטוס און פיהרט איהם צו צו די ליפען. איך זעה ווי זי פרעסט איהרע ליפען מיט ליידענשאַפט אין קיהלען ביינערדיגען לייב פונם גע־קרייציגטען גאָט. דאַן שטעלט זי דעם צלם צוריק אויפן שוואַרצען זייד. (דער דינער שטעהט בשעת דעם ווי אַ מאַרטירער־סטאַטוע מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגען.)

דאַן גיט זי זיך צוריק אַ דרעה אום. מיט קליינע טריט געהט זי אַוועק.

איך בלייב ווידער אַליין מיט דעם אַלטיטשקען. מיר קומט פאָר, אַז די גאַנצע אונהיימליכע סצענע מיט דער דאַמע האָט נישט לאַנג געדויערט. אפשר עטליכע סע־קונדען. אפשר איז אויך דאָס נאָר געווען אַ קראַנקהאַפ־טע וויזיע, אַ פּראָדוקט פון איבערגערייצטע נערוועז.

די פרוי האָט אויף מיר געווירקט ווי אַן אָפּגעפּוידערט קינד וואָס שפּילט טעאַטער אין די טונקעלע גאַטישע זאַלען.

דער אַלטער האַקט מיר איבער מיט זיין רויהער גראָב־ליכער שטים:

— איהר האָט שוין געגעסען — זאָגט ער (הערט: גע־געסען!) — דאָ אין שלאָס וואַכט מען נישט שפּעט.

מאָרגען פריה געהט איהר מן הסתּם. איך וועל אייך ווייזען אייער געלעגער.

איך פערלאָז מיט דעם אַלטען דעם זאַל. די גרויסע טיר פערמאַכט זיך שטיל הינטער אונז. מיר זענען ווידער אינם פינסטערליכען קאָרידאָר. מיר געהען פערביי פאַרן געפאַנצערטען ריטער. דער באָקאַל ווי פריהער ברענט נאָך בלאָהליך אין זיין האַנד. איך גלויב, אַז דער ריטער — שאַ, איז עס נישט אַ מאָל יענער ריי־טער פון קוואַל וואָס האָט זיך אַריינבעהאַלטען אין אייזערנעם געשטעל? — ס'איז ער. ווי אַנ'אַלטער בע־קאַנטער גרינזט ער צו מיר שמייכלענדיג פון אונטערן אַראָפּגעלאָזענעם העלם־וויזיר. איך האָב אַ ציטער גע־טון ביי זיין אָנבליק. אָ, מיינע הערען, יענער רייטער איז זיכער מיינער אַ שונא, אַ דעמאָן, אַ כשוף־מאַכער. ער האָט מיך דאָס אַ הער פערנאַרט אין חרוב'ן שלאָס אַריין. ער פערוואַנדעלט זיך און רודפ'ט מיך צווישען די אַלטע פּוסטע מויערען. דאָס טרעפען זיך מיט איהם שרעקט מיך אַם מיינסטען.

מיר פערלאָזען באַלד דעם קאָרידאָר און קומען צוריק אַריין אין דעם קבר'דיגען נאַסען געביי.

די פינסטערניש גיט זיך מיר אַ וואָרף ווי אַ טוך איבער די אויגען און איך בלייב שטעהן.

איינער פון אונז פליסטערט קוים וואָס מ'הערט:
— אַלץ יענער רייטער פון קוואַל... דער סיציליאַנער...

דער דערצעהלער בעמערקט עס נישט און רעדט ווייטער:

— איך פיהל דעם אַלטיטשקען קלאָון נעבען זיך און גיב מיך האַסטיג אַ כאַפּ אָן פאַר זיין געוואַנד. ער רעדט נישט צו מיר. ער פיהרט מיך העכער אַרויף אויף די געדרעהטע טרעפּ. איצטער דויערט עס נישט לאַנג. איך הער באַלד ווי ער שליסט אויף אַ שלאָס און מיר געפינען זיך אין אַ קליין חדר'ל.

דער אַלטער צינדט אָן אַ ליכט, שטעלט עס ערגעץ אַרויף אויף אַ טיש, זאָגט אַ „גוטע נאַכט" און געהט אַוועק.

איך בלייב אַליין אין דעם דאָזיקען איינזאַמען צימערל. איך מוז זיין אין אַ טורעם איבער די מויערען פונם שלאָס. דאָס שטובל איז נידריג. ווי ווייט כ'קען זעהען זענען די ווענד נאַקעט און אָפּגעריסען. מעבעל איז פערהאַן זעהר ווייניג. אַנ'אַלט-מאָדישער וואַש-קאַ-מאָד מיט אַ שיסעל וואַסער. דער טיש, אויף וועלכען ס'שטעהט אַ פאָרצעלייענער לייכטער מיטן ברענעדיגען ליכט, איז אויס רויהען האָלץ, עהנליך צו די טישען פון קלויסטער-צעלען. נישט ווייט פונם טיש שטעהט אַ בעט.


4 י. טרונק, מידע

איך גיב מיך אַנ׳אָפּגעמאַטערטער אַ זעץ אַנידער אויפן בעט ווי נאָך אַ שווערע אַרבייט. איך פיהל מיך מיד נאָך דעם היינטיגען אויסטערלישען טאָג, נאָך אָט די אַלע אויפרעגענדע איבערלעבענישען. מיין געהירן פערלאַנגט פשוט נאָך רוה. די אויגען טוען מיר וועה פון זעהען. איך זיץ אויפן בעט מיט ווילענלאָז אַראָפּ־געלאָזענע הענד. איך הער אויף צו טראַכטען. איך לאָז מיט אַמאָל אַרויס דעם רודער פון מיין ווילעז און לאָז מיך אינערליך אַליין איבער; אָט אַזוי, אויף גאָטס בע־ראָט. איהר קענט דאָך, מן הסתם, די שטימונג פון אי־בערגעשפּאַנטע מענשען בעת זיי בלייבען אָהן כחות.

ווי איך זיץ אַזוי (איך בין פויל זאָגאַר צו קלערען וועגען אויסטון און שלאָפען לייגען), די אויגען קלעבען זיך מיר פון זיך אַליין, איך פאַרגעס אַלצדינג, דאָ הער איך ווי עפּעס קלאַפּט שטיל אַרויס פון אַ ווינקעל. שטיל און מאָנאָטאָן ווי אַ לעבעדיג ווענען. אַ גריזשענדיג קלאַפּען. איך שפּרינג אויף אין ערשטען מאָמענט ווי אַ געביסענער. דאָס קלאַפּען שיילט זיך וואָס אַ מאָל דייט־ליכער אַרויס פון דער טויט־שטילער טונקעלקייט. מיט אַ פּערעקשנ׳טקייט. טשיר, טשיר. כ׳בין זיכער אַז דאָס קלאַפּען האָט ערשט אָנגעהויבען זינט איך זיץ אויפן בעט.

איך בלייב שטעהן און שפּיץ אויס די אויערען. איך

האַלט איין דעם אָטעם און הער מיך צו. דאָס געקלאַפּ קומט מיר פאַר וואָס אַמאָל אויסטערלישער. איך גלויב צו הערען עטוואָס ווי אַ שטים, אַ שטים פון אַ מערק־ ווירדיגע אונבעקאַנטקייט. דאָס האַרץ מיינס פּולסירט שטאַרקער, אונרוהיגער.

איך גייע דאָך ענדליך אויף די שפּיץ נעגעל צו צום טיש. איך בייס מיר דערביי אויף די ליפּען, כדי אַליין נישט צו הערען די אייגענע טריט. איך נעהם זאַכט דאָס ליכט אין דער האַנד. טריט ביי טריט גייע איך צו צום ווינקעל.

דאָס קול איז דאָרט נישטאָ. עס הערט זיך פון אַנאַנ־ דער ווינקעל. גייע איך אַהין, הערט זיך עס פון אַ דריט ווינקעל. אָט הערט זיך עס איבער מיין קאָפּ. באַלד הערט עס זיך צוריק אויפן ערשטען אָרט, וואו דאָס ערשטע מאָל. איך בלאָנדזשע אַרום מיטן ליכט אי־ בערן צימער. אַלע מאָל הערט זיך דאָס קול פון אַנאַנ־ דער אָרט. דאָס אונבעקאַנטע קול שפּילט זיך מיט מיר אין בעהעלטעניש. איך זוך עס אַרום ווי מ׳זוכט אַ בעהאַלטענעם הונד.

איך פּלאָץ אַרויס מיט אַ משוגע׳ן געלעכטער כאַ, כאַ. אויבען אין די שאָטענעס אויפן באַלקען ווי אַ פערזע־ העניש, שאָקעלט זיך אַ זייגער אויפן מהלך פון איין זייט צימער צום אַנדערן, אַ גאַנץ אַלטער זייגער. איך הויב דאָס ליכט העכער כדי בעסער צו זעהען. ס׳איז

אַנ'אַלטער מאַסיווער זייגער. אפשר הונדערט יאָהר אַלט. דאָס ציפּער-בלאַט קוקט צו מיר אַראָפּ ווי אַ מאַסקע פון אַ פּאַיאַץ און איז בעמאָלט מיט בולט'ע און משונה'דיגע ציפרעס. שווערע וואַגעס הענגען אַראָפּ אויף פערראָסטעטע מעשענע קייטען. דער אומרוה בע-וועגט זיך אַהין און אַהער. טשיר, טשיר.

כּדי מיך צו בערוהיגען לאַך איך מיך נאָך אַמאָל אויס, נור מיין געלעכטער קלינגט עפּעס טרוקען און פרעמדאַרטיג אָפּ אין דעם איינזאַם-טונקעלען צימערל. איך דערשרעק מיך פלוצלינג פאַר מיין אייגען געלעכ-טער. נישט איך, נאָר עפּעס אַ שאָטען, אַנ'אַנדערער לאַכט דאָס. איך בלייב שטיל און הער מיך צו. דער אַלטער זייגער אויבען איבער מיר אויפן באַלקען קלאַפּט ווייטער טשיר, טשיר, ווי אַ העסליכער פויגעל, אַ בייזער, אַ פערשאָלטענער. איך ווער ביי מיר וואָס אַ מאָל זיכערער, אַז דער זייגער האָט ערשט איצט אָנ-געהויבען צו קלאַפּען. ביז אַהער איז ער געשטאַנען.

אַנ'אונזיכטבאַרע האַנד איז דאָ געוועזען אינם פורעם און דעם זייגער געלאָזט געהן.

איך הויב נאָך אַמאָל דאָס ליכט צו צום ציפּער-בלאַט. טשיר, טשיר. עס פעהלט נאָך צעהן מינוט צו האַלבער נאַכט.

עמעצער איז דאָ. אַנ'אונזיכטבאַרער עמעצער. ווער איז

ער דאָס דער דאָזיגער עמעצער? מיר דוכט זיך מיט א מאָל, אז אָט שטעהט ער נעבען מיר. ער בעהויכט מיך. איך האָב מורא אומצודרעהען דעם קאָפּ. כ'האָב מורא צו קוקען. איך ווייס דאָך זיכער אז ער שטעהט נישט. ס'ועט מיך נאָך מעהר איבערשרעקען, אז איך וועל א קוק טון. באַדיי וואָלט איך דעם עמעצען גע־קאָנט אָנריהרען מיט דער האַנד, באַדיי וואָלט ער צו מיר גערעדט מיט זיין אונבעקאַנטער שטים, באַדיי וואָלט ער מיר געמאַכט ס'זאָל מיר וועה טון. ניין. ער איז אריינגעקומען דורך ערגעץ־וואו, ער האָט זיך דורכגע־זאַפּט דורך די וואַנד א דורך. א שאָטען. ער האָט גע־לאָזט געהן דעם טויטען זייגער אויבען אויפן באַלקען, אין איהם אריינגעבלאָזען א לעבען; אנ'אומבעקאַנט לעבען. איצטער מאַכט ער פול מיט זיך דאָס גאַנצע צימער. ער קנוילט זיך צוזאַמען אונטערן טיש ווי א שוואַרצער פּחדימ'דיגער הונד.

אינם זייגער אויבען טוט א רויש ווי ס'וואָלט זיך עפּעס אָפּגעריסען. די שטילקייט אינם צימער ווערט מיט א מאָל נאָך שטילער. א פייערליכע שטילקייט. כ'וואָלט זאָגען, מ'הערט איצט ווי די האָר וואַקסען אויפן קאָפּ. איך פיהל ווי די אויגען רייסען זיך מיר אויף. אינ־סטינקטיוו וויל איך מיך אויפכאַפּען פונם בעט—איך קאָן נישט.

דער זייגער גיט צוועלף קלעפּ אין דער שטילקייט

אַריין, צוועלף לאַנגזאַמע שלעג מיט אַ געדעמפּטען הייזעריגען קלאַנג, אַ קלאַנג וואָס שמעקט מיט אונגעהויערער אַלטקייט.

בעת דער זייגער קלינגט, אָטעם איך נישט. איך שטאַר מיט די אויגען אין צימער אַריין. דאָס האַרץ שרימפּט מיר איין ווי אונטער אַ דרוק. דאָס בלוט ווערט מיר קיהל. אין מח שטעכט מיך דאָס הערען ווי אַ שפּיז.

נאָך דעם צוועלפטען קלאַנג טוט עס ווידער אינם זייגער אַ רויש, דאַן צוריק די פריהערדיגע שטילקייט. ווי עמעץ וואָלט געשטאָרבען. דער זייגער שטעלט זיך אָפּ. איך הער נישט מעהר טשיר, טשיר.

אין די מויערען ערגעץ נישט ווייט פון מיר, הינטער דער פערשלאָסענער טיר צום קאָרידאָר האָט עפּעס א״יפגעזיפצט. אַ שוואַך קול פון אַ מענש. איך גלויב צו הערען ווערטער. אונפערשטענדליכע ווערטער. איך ווייס נישט ווי ס'איז אויף מיר געקומען, איך גיב אַ שפּרינג אויף און טו אַ ווילדען ריטש. איך לויף צו צום קליינעם פענסטערל וואָס אין דער וואַנד, גיב עס אַ פּראַל-אויף, אַז די שויב קלינגט שאַרף אָפּ אין דער נאַכט אַריין.

אַ לופטיגע פרישקייט בלאָזט מיר אין פּנים אַריין. עס ליגט די נאַכט דרויסען ווי אַ מדבר. דער שלאָס-הויף, אויף וועלכען דאָס פענסטערל געהט אַרויס, איז מאָדנע

בעלעכטען. די גרויזאַמע שלאָס־מויערען שווייגען מיט
זייערע טונקעלע מאַסען אין דער ליידיגער נאַכט
אַריין. זיי טויען פון זיך אַרויס אַ געהיימנישפול ליכט.
די טורעמלעך איבערן געמויער הויערען ווי שוואַרצע
ספינקסען. אויך די שטיינער, מיט וועלכע דער הויף
איז געפלאַסטערט, לייכטען.
עס הערט זיך אַ הייזעריגער קלינג ביים טויער.

איך בויג מיך וואָס טיפער אַרויס איבערן פענסטער.
מיט מיינע פינגער קלאַמער איך מיך קרעפטיג אָן דעם
פענסטער־ברעט. עס קלאַפּט מיר אַ צאָהן אין אַ זאָהן.
אין מיינע פינגער־שפּיצען פיהל איך פראָסט.
אויפן הויף אַרויף קומט אָנצורייטען אַ רייטער. ס'איז
יענער יונגערמאַן וואָס כ'האָב איהם געטראָפען אין טאָל
ביים קוואַל. טריט ביי טריט רייט ער פערביי אויף
זיין ווייס פערד. ער ווערט פערשוואונדען ערגעץ
הינטער דעם זיילען־גאַנג.
אַ רויטער שיין שלאָגט אַרויס מיט אַמאָל פון ברונעם.
דער ברונעם הילט זיך ביסלעכווייז איין אין דעם
דאָזיגען רויטען אָפּגלאַנץ. דאָס רויטקייט צופליסט זיך.
איך זעה שוין בולט דאָס שטיין־בילד פונם געץ ביים
ברונעם. ווי אַן'אויסטערלישער פּאַון וויקעלט ער זיך
אַרויס פון דער פינסטערניש מיט זיין העסליכער נאַ־
קעטקייט. עס איז אַ מין נאַסע צעפוילטע נאַקעטקייט.

דאָס ברייטע עקעלהאַפטע פּנים זיינס פּערציהט זיך מיט אָפּשיין ווי מיט אַ מיאוס רויט געלעכטער. זיין שטיינערן לייב דערהויבט זיך פלוצלינג. ווי פון אונטער אָטעם. די אויגען עפענען זיך ברייטער—פּאַמעליך—פון שלאָף אויפגעוואַכט—די אויגען בעקומען אויסדריק. זיי גרינזען אַרויף צו מיר צום פענסטער.

איך וויל רופען, שרייען... איך וויל מיך צוריקציהען אין צימער אַריין. ווי מיט פעסטע שטריק בין איך צוגעבונדען צום פענסטער. איך קען נישט אָפּטרעטען.

דאָס רויטע ליכט... נאָר דאָס רויטע ליכט פליכט פונם ברונעם אַרויס. וואָס אַמאָל שטאַרקער. אַ פייער ברענט דאָרט אינם ברונעם. מען האָט דאָרט אָנגעלייגט אַ פייער

איך זעה דייטליך ווי עס דערהויבט זיך עפּעס אַרויס אויס דעם פייער־שיין.
איך גלאָץ אַהין מיט אויסגעשטאַרטע אויגען.

---

דער סעקטאַנט צלמ'ט זיך איבער. ער בלייבט זיצען

מיט אַ געעפּענט מויל. דער דערצעהלער נעהמט איהם דורך מיטן בליק, ווי ער וואָלט בלויז צו איהם גערעדט — אַ שווערער אייזערנער העלם שטייגט פון דאָרט אויף אין דער נאַכט אריין. קוים און פּאַמעליך טויכט ער אַפּער פון די טיפענישען. ווי געטראָגען פון אונטען. אָט איז שוין אַ מעכטיגער מאַן אויפגעשטיגען פון דאָרט, ביז צו די אַקסלען שווער געפּאַנצערט.

אַ קליינע ווײַלע בלייבט ער אין איין פּאָזע. דאַן דערהויבט ער אַ האַנד, נעהמט זי צו צום העלם און טוט איהם אויס.

עס איז אַ קאָפּ פון אַ מאַן וואָס ענטפּלעקט זיך אַרויס פון אונטער דעם פּאַנצער. אַ מענש אין די מיטעל־יאָהרען. ער טראָגט אַ געדיכטע שוואַרצע באָרד ווי די אסירישע מלכים. אויף די קאָפּ־האָר זענען לאַנג און צעוועהעט איבערן נאַקען. ביסלעכווייז דרעהט ער אויס צו מיר דעם קאָפּ און קוקט מיט אַ גרויזאַמען בליק אַרויף צו די שלאָס־מויערען. זיין בליק טרעפט זיך מיט מיינעם. ער מוז האָבען בעמערקט מיינע אויגען, ווייל זיין בליק שטעלט זיך אָפּ אויף זיי. ווי ער וואָלט אין זיי עמעצען דערקענט. ווידער דער רייטער! אָט האָט זיך איצטער דער בלוט־יונגער סיציליאַנער פערשטעלט פאַר אַנ'אַ־ירישען מלך. זיינע אויגען צינדען זיך אָן פאַר רציחה.

איך גיב מיך אַ ריס אָפּ פון פענסטער און גיב עס אַ פערהאַק.
איך בין ווידער איינער אליין אינם פערמויערטען צימערל.

דאָס ליכט אויפן טיש ברענט שטום. שאָטענעס פילען אָן די איינזאַמקייט. מ׳הערט נישט דעם זייגער. דער זייגער געהט נישט.
פונם הויף דערגרייכט מעהר גאָר נישט. איך האָב מיך מורא צו ריהרען. איך לויש ווי אַ געיאָגטער פערברעכער. הינטער דער טיר זיפצט ווידער עטוואָס אויף. ס׳איז דאָס אייגענע קול וואָס פריהער. אַ שוואַך מענשליך קול. קוים דערהערטע ווערטער. אונפערשטענדליכע. ווי פון אַ געפייניגטען.
איך ווייס נישט ווי אַזוי, נאָר אָט בין איך שוין ביי דער טיר. איך לייג אַנידער אויף איהר מיין אויער. ששש. מ׳רייט אויפן הויף. מ׳הערט נישט מעהר הינטער דער טיר איז שטיל. איך לייג פּאַמעליך די האַנד ארויף אויף די קליאַמקע און לעהן אויף די טיר.
(וואונדערליך, ווען דער דינער האָט מיך אריינגעפיהרט, האָט ער פערשלאָסען צוויי מאָל די טיר. איצטער עפענט זיך די טיר אַליין אויף!)
דער קאָרידאָר איז מעהר נישט אַזוי פינסטער. ער איז בעשימערט מיט דעם לייכטען געהיימנישפולען ליכט. מיט דעם זעלביגען פונם שלאָס-הויף.

איך מאַך עטליכע טריט ווייטער. לאָז די טיר הינטער מיר אָפען. דאָס ליכט בעטויעט די אַלטע נאַסע שטיינער ווי אַ לייטזעליגקייט. פול מיט אונבעקאַנטען סוד. דער גאַנצער קאָרידאָר וואָס ציהט זיך אַראָפּ אונטען אינם שלאָס אַריין איז פול דערמיט. עס ציהט מיך אַראָפּ. אַלצזינג איז שטיל. טויט שטיל. די שטיינער זענען צוזאַמענגעפרעסט מיט שטילקייט. ווער האָט עס גע־קאָנט רופען?

איינס נאָך איינס שטייג איך אַראָפּ די טרעפּ. ווי אַ נאַכט־וואַנדלער אָהן בעוואוסטזיין. איך פיהל נאָר מיין שרעק. אונהיימליכקייט. פּחד. איך קוק מיט אָפענע אויגען גלייך אין דעם ליכט־נעבעל אַריין. מיינע פיס טרעטען פון זיך אַליין אויף די טרעפּ. מיט אַ געוויסען שטאָלץ.

אָט בין איך אונטען פאַר דער גרויסער טיר. איך בלייב שטעהן.

אַ שווערער זיפץ רייסט זיך אַרויס נעבען מיר. האַרט ביי מיינע טריט. איך גיב אַ ציטער, מוראָ־האָבענדיג אויף עפּעס אַרויפצוטרעטען. איך טו פּאָרזיכטיג אַ שאַר מיטן פוס.

גאָר נישט.

איך שטעה אַ צייט שטיל און בעוועג מיך נישט. ווי נישט ווילענדיג ריהר איך אָן די טיר.

די שווערע טיר גיט זיך נאָך מיין ריהר. זי עפענט זיך.

דורך דער שפּאַרע זעה איך ווי פון דרינען קומט אַרויס דאָס ליכט. איך שטופּ מיך אַריין דורך דער שמאָלער עפענונג ווי אַ גנב.

איך גײה ווייטער. אונטער מיינע פיס פיהל איך דעם טעפיך. דער טעפיך מאַכט נאָך שטילער מיינע טריט. ער הויכט זיי אַרום מיט אַ מאָדנע שווייגען. איך פיהל פון איצטער אָן נישט מעהר קיין ווילען אין מיר. איך קוק נאַר פאַראויס און ווער ווי פון עמעצען געטראָגען.

אַרום מיר די ווענד טויען מיט ליכט.

איך טרעט אויף עפּעס אַרויף. ס'הערט זיך אַ קראַך. מיט אַ מאָל ווערט שטאָק־פינסטער. באַלד דערנאָך פון ערגעץ־וואו אַרויס אַ ווילד געשריי, אַן'אַנגסטליך געשריי פון אַ פרוי. זי רופט נאָך הילף. עס אַנשטומט באַלד ווי אינטער אַ געשטיק.

דאָס האַרץ אינעווייניג גיט זיך מיר אַ ריס־אָפּ. איך בלייב שטעהן ווי צוגענאָגעלט. קאַלטער שווייס בעשלאָגט מיך. טויט־שווייס.

עס כאַפּט מיך מיט אַמאָל אָן אַ קראַמף. עס טוט מיר אַ שטאָך אין קאָפּ. דאָס קול בלייבט מיר שטעקען אין האַלז.

— או הו! או! הו! אַ ווינד בלאָזט אַ דורך דאָס שטיינערנע געמויער. אַ ווינד נורעט זיך און וואָיעט אינווייניג אין די שטיינער. פון דער שטילקייט אַרויס

וואַקסט פלוצים אויף אַ געווירבעל. דאָס גאַנצע שלאָס צינדט זיך אָן מיט אֵימה. כ'הויב אָן לויפען ווי אַ משוגע'נער. ווי די קליידער וואָלטען אויף מיר גע־ברענט. איך בין געלאָפען ווי פון אַ שרפה, ווי פון אַ כשוף־קעסעל... פון די מויערען אַרום מיר שטייגען אַרויס שאָטענעס. בלוטיגע שאָטענעס. געשפּענסטער ווי מיאוסע סקעלעטען. זיי יאָגען מיך... איך גלויב צו הערען שטימען, אויסטערלישע שטימען וואָס צישען און פליס־טערן נעבען מיר, אונטער מיינע טריט.

נאָר איך לויף. איך פאַל כמעט איבער די טרעפּען. משוגענ'ערווייז לויף איך. איך געפין מיך אויפן הויף.

ס'איז אַ קאַלטע ווינדטיגע נאַכט. אַ פינסטערער הימעל. מיך פריהרט. איך געפין מיך אינם זיילען־גאַנג. ווי אַ נאַ־קעטער וואַלד דערהויבט ער זיך אונטער די מויערען פונם שלאָס. ער טינקט זיך פייכט אין דער שוואַרצער קיהלער נאַכט. איך לויף אַ צעווילדעטער דורך דעם דאָזיגען הוילען וואַלד פון זיילען. אַלץ ווייטער, ווייטער...

אוי הוי! דער יונגערמאַן פונם קוואַל רייט אַרויס אויף זיין ווייס פערד ערגעץ פון צווישען די זיילען. ער פאָכעט מיט אַ בייטשעל אין דער לופט. איך וויל נאָכיאָגען ס'פערד.

אָט איז דער ברונעם. איך פערגאַף מיך אויפן ברונעם.

וואָס ליכט זיך דאָרט ביים ברונעם? (דאָס פריהער־דיגע ליכט איז פערלאָשען). א פאַקעל אין אַ באָקאַל. איך קום נעהנטער צו. ס'איז דער עקעלהאַפטער געץ פון קאָרידאָר.

ווי אַן'אונגעהויער שטעהט ער אין זיין אייזערנעם געביי. עס דוכט זיך אַן'אייזערן בעשעפעניש וואָס לעבט, אַן'אייזען וואָס אָטעמט. ער קוקט איצטער אויס נאָך גרויזאַמער, נאָך געהיימנישפולער, ווילדער. דער באָקאַל ברענט אין זיין האַנד ווי אַ כשוף־געטראַנק און בעלייכט רויט זיין שוואַרצקייט.

ביי גאָט, איך דערקען איהם איצט דייטליך. ס'איז דער ריטער. ס'איז ער.

אין זיין מעכטיגען אָרעם געדריקט האַלט דער דאָזיגער ריטער די קליינע פרוי אין בלאָהען זיידענעם קלייד מיט טיולען און שפיצען. גלייך אַן'אונבעהאָלפען קינד הענגט זי אין זיין אָרעם איבער זיין רויהער שוואַרצקייט. אָט, אָט, גלויב איך, בויגט ער צו נ'איהר אויס זיין שווערען בעהעלמטען קאָפּ און גיט אויף איהר אַן'אָטעם ווי א וואַמפיר.

אָט גיט זיך דער שוואַרצער מאַן א ריהר.

איך ווייס נישט ווי אַזוי עס קו..ט אויף מיר: אַ שרעקליכער כעס האָט מיך געפאַקט. איך טו אַ ריטש און וואַרף מיך אַרוף אויפן ריטער.

איך האָב מיד מיט דער גאַנצער קראַפט אַרויפגעוואָרפען

אויפן אייזערנעם געביי. דער ריטער האָט אַ ציטער געטון אונטער מיין שפּרונג. כ'הויב אָן צו דערפיהלען אַז ס'איז נאָר אַ טויטע מאַסע, קאַלט אייזען.

איך טו מיך אַ כאַפּ צו דער פרוי. זי ליגט נאָך אין ריטערס אָרעמעס ווי אַ געפאַנגענער זומער־פויגעל. (אויב איך האָב נישט קיין טעות, האָב איך זי אַ ריס געגעבען פאַר דער האַנד). די קליינע האַנד איז שלאַבריג און קאַלט ווי די האַנד פון אַ מת. דער גאַנצער קערפּער איהרער גיט זיך מיר נאָך פון דעם בעוועגלאָזען אייזען. אָט שלעפּ איך זי אַרויף אויף מיר ווי אַ לעבלאָזען פּגר. כאַ, כאַ, ס'איז אַ מאַנעקין, אַ ליאַלקע. ס'דאָט עמעצער אויף אַ שפּאַס זי אַריינגעלייגט אין אַן'אייזערן פּוסטאַ־מענט.

איך גיב מיך לייכט אַ לאַך אויס. איך טראַכט צוריקצו־געהן אין מיין חדר'ל און זיך לייגען. איך פיהל נור די שלאַבריגע פרויען־האַנד, וועלכע איך האַלט צווישען מיינע פינגער, כמעט אונבעוואוסט. כ'ווייס אַליין נישט פאַר וואָס איך לאָז זי נישט אָפּ.

איך הויב אָן צו דערשפּירען דאָס קיהלקייט פון דער נאַכט. איך שוידער. איך טו עטליכע טריט צוריק. די פרוי שלעפּט זיך מיר נאָך אַרויס פון פּוסטאַמענט אָט האָב איך זי שוין האַלב אויף מיר.

שאַ! ביים טויער הערען זיך קלעפּ. דריי קלעפּ.

די שלאַבריגע פרויען־האַנד טוט מיר קרעפטיג אַ פּרעס

צוזאַמען די פינגער. אַ צוואַנג. איך גיב מיר אַ ביס אין די ליפּען פאַר פלוצלינגען ווערטאָג. באַלד דערנאָך הער איך אַ ווילדען אויסגעשריי. אַנ׳אויסטערליש געלעכטער, אַ הויל געלעכטער פון ברונעם אַרויס. דער אַייזערנער מאַן בי׳ם ברונעם גיט זיך אַ מעכטיגען טרייסעל. (דער העלם־וויזיר דערהויבט זיך עטוואָס פון איבערן פּער־שטעלטען פּנים. מ׳זעהט אַ שטיק שוואַרצע באָרד. אַנ׳־אַסירישע באָרד.) זיין בעפּאַנצערטע האַנד טוט זיך אַ הויב, שטרעקט זיך אויס צו מיינע אַקסלען. איך וויל אַ שפּרינג טון צוריק אין הויף אַריין און אַנטלויפען, איך וויל לויפען צום טויער צו, דאָ אָבער רייסט זיך די פרוי אַרויס פונם פּוסטאַמענט. ווי אַ פלינקע קאַץ אַ ווילדע וואַרפט זי זיך אַרויף אויף מיר. איהרע קליינע הענד גראָבען זיך איין ביי מיר אין האַלז. איהרע טויטע אויגען בעקומען גלאַנץ, איהרע ליפּען ציטערן ווי מיט שוים בעדעקט. זי הויבט מיך אָן צו שטיקען.

איך וויל שרייען. כ׳קאָן נישט. די אויגען קריכען מיר אַרויס פון קאָפּ, מיינע שלעפען האַקען. איך וואַרף מיך אין קרעמפּען ווי איינער וואָס ראַנגעלט זיך מיט דער גסיסה. איך מאַך מיט די הענד און פּריוו מיך צו בעפרייען פון איהר. איך כאַפּ זי אָן פאַרן קערפּער איהרען. זי קנוילט זיך אַלץ אויף מיר. איך פיהל ווי איהר קיהלער אָטעם בלאָזט אויף מיינע באַקען. ס׳איז אַ קיהלער אָטעם. גלייך אַ מת וואָלט מיך געשטיקט.

מיט טויטע ביינערדיגע הענד האָלט זי מיך פאַרן האַלז און אָטעמט מיר גלייך אין מויל אריין. זי ציהט מיך צו זיך. זי ציהט מיך צום ברונעם צו.

דער אייזערנער מאַן ביים ברונעם שטרעקט פּאַמעליך זיינע הענד אויס נאָך מיר. בעת איך ראַנגעל מיך אַזוי אין די אָרעמעס פון דער פרוי זעה איך ווי זיין געשטאַלט הינטער מיר וואַקסט אויס אין דער פינסטער. זיינע הענד ווערען לענגער. זיי ציהען זיך אין דער נאַכט אריין. די הענד פון אַ געשפּענסט. איצטער בין איך פערלוירען.

איך מאַך נאָך אַ לעצטע אָנשטרענגונג. מיט די לעצטע כּוחות גראָב איך מיך איין מיט מיינע פינגער אין דעם קערפּער פון דער פרוי. איך גלויב ממש איהר שטיקער פלייש אָפּצורייסען. איך פרוב זי אראָפּצוציהען פון מיר, מיך צו בעפרייען. זי טוליעט זיך אָבער פעסט צו צו מיר. זי שטיקט מיך. זי הויבט אָן ליידענשאַפטליך צו אָטעמען און ריהרט זיך צו צו מיין פּנים מיט איהרע קאַלטע ליפּען. איך רייס זי אָבער אַוועק פון מיר. איך האַלט מיך שוין קוים אויף די פיס. עס געהט צווישען אונז אַ שטילער אַ גפּטליכער קאַמף, אַ שרעקליכער לעצטער קאַמף. אָט, אָט פיהל איך שוין ווי די אָדערען פון מיינע הענד פּלאַצען פון געשפּאַנטקייט. איך גראָב מיינע פינגער וואָס אַמאָל קרעמפּיגער איין אין איהר פלייש. איך האָב פולע הענד מיט איהר לייב.

זי טוט אַ שטילען זיפץ. אין איהרע פינגער אַרום מיין האַלז פיהלט זיך מידקייט. זי פּרעסט נאָך צו איהרע נאַסע ליפּען צו מיין פּנים. אויף איהרע ליפּען איז שוים אָדער שווייס. זי האַקט צו די אויגען און רייבּט מיט דער גאָמבע אויף מיין געזיכט. איך נעהם צוזאַמען מיינע אַל קרעפטען און גיב זי אַ ציה. זי גיט זיך נאָך. די פינגער איהרע—די קנאָכיגע בר־מינן פינגער—גליטשען זיך אַראָפּ פון מיין האַלז. באַלד לאָזט זי זיך איינגאַנצען אַנ׳אָהנמעכטיגע אַראָפּ צו מיינע פיס.

אַ דערלייכטערטער פלאַץ איך אַרויס מיט אַ ווילדער פרייד און וויל אָנהויבען לויפען, נאָר כ׳דערפיהל פּלוצים אַ מעכטיגען קלאַפּ אויף מיינע פּלייצעס.
אַנ׳אייזערנע פּרעס קלעמט מיר איין דעם אָרעם. אַנ׳אונגעהויערע בּעכאַנצערטע האַנד. זי האַלט מיך צו פון הינטען. זי צוקוועטש מיר דעם אָרעם. איך וויל אויפשרייען פאַר יסורים. כ׳קאָן נישט. מיר הויבט אָן שווינדלען פאַר די אויגען. פאַר שרעק, פאַר וועהטאָג. איך פיהל ווי כ׳שטאַרב אָפּ. פייערדיגע רעדער דרעהען זיך מיר פאַר די בליקען... אָט, אָט, די גאַנצע נאַכט, דאָס גאַנצע שלאָס... זיי געהען אין קאַראַהאָד.
איך גלויב צו פערלירען דאָס בּעוואוסטזיין. איך וויל טון דעם לעצטען שריי, נאָר די צונג ווערט מיר גע־לעהמט אין מויל... די אויגען ווערען מיר אויפגעריכען..

אין די ווינקלען פון מויל ציהט מיך אַ קראַמף... בי־טערער שוים פאַר די ליפּען... איך זעה נאָך אַלצדינג ווי אין נעבעל.

איך פיהל ווי כ'ווער דערהויבען אין דער לופטן. די אייזערנע האַנד הינטער מיר טוט מיך אַ דרעה־אום. איך טרעף מיך אָן מיטן פּנים פונם ריטער. דער העלם־וויזיר איז איהם אַרויפגערוקט איבערן שטערן. די ברייטע אַסירישע באָרד וועהעט זיך ווי אַ שטיק פינס־טערניש איבער זיין שרעקליכער ברוסט. ער האַלט מיך און קוקט מיר גלייך אין די אויגען אריין. דאַן גיט ער אַ שנעל צוריק אַ לאָז־אַראָפּ דעם העלם־וויזיר איבערן פּנים, פרעסט מיך צו צום האַרצען און הויבט זיך פאַ־מעליך מיט מיר אָן אַראָפּצולאָזען אין דעם ברונעם...

ס'טוט ערגעץ הינטער מיר אַ שרעקליכען לאַך. אַ רייִ־טער אויף אַ ווייס פערד פליהט פאַר מיר פערביי אין גאַלאָפּ.

דאָס טויער אין דער מויער עפענט זיך ברייט אויף אין דער נאַכט אריין.

---

דער דאָקטאָר פון נאַטור־ויסענשאַפטען טוט אַ וואָרף מיט דער האַנד אין גיט צו עמעצען פון אונז אַ בייזען אונגעדולדיגען שמייכעל: איהר זעהט דאָך, ס'איז אַ קראַנקער מענש.

איבער די שלאָס־חורבות פון דערווייטענס צווישען די ציפּרעסען־בוימער פאַלט צו דער בין־השמשות. ס'הויכט אָן דער אָוועגד. אַ שטילער גאָלדיגער אָוועגד, אַ פרי־שער, אַ קיהלבליכער. די בלאָהליכע וואַסער־פעלדער אין די פעלזען פערטויען זיך פאַמעליך אין די פאַר־נאַכטיגע שלייערס.

הינטער דעם בוים וואו מיר זיצען בלאָזט צו אונז צו אַ לייכט ווינדטעל, אַנ'אָווענד־ווינדטעל. מיר פיהלען איהם דורך די העמדער אויף אונזערע לייבער.

דער מאַן דער דערצעהלער טוט זיך פלוצלינג אויס די ברילען און ווישט זיי אויס מיט אַ טאַשען־טוך.

—אַך, איז דאָס געווען אַ נאַכט פול שרעק, פול אֵימה—זיפצט ער אָפּ און בלייבט שטיל.

נאָך אַ קליינע פּויזע ווי מיר אַלע זענען געזעסען און געשוויגען, רופט זיך דער ערשטער אָן דער נאָרוועגער:
— עס געהט שוין אונטער די זון, איך האָב עס גאָר נישט בעמערקט—זאָגט ער מיט אַ נידריגע שטים—מערקווירדיג... און איך גלויב אייך אַלצדינג—ווענדט ער זיך פלוצלינג צום שוואַרצען דערצעהלער—ווי אַזוי אָבער זענט איהר ניצול געוואָרען פון ברונעם?

דער דערצעהלער טוט אַ ציטער-אויף ווי ער וואָלט זיך געוועקט פון שווערע געדאַנקען.

— יאָ. כ'האָב פערלוירען דאָס בעוואוסטזיין, ווי אונטער שלאָף-געטראַנק. כ'בין געשלאָפען. מיר האָט זיך גע-טרוימט: אַ ווילדער רייטער פליהט מיט מיר איבער דער נידערונג. איבער יענער וויסטער נידערונג. דאָס ווייסע פערד שוועבט און איך בין מיט שטריק צוגעבונדען צום פערדס רוקען. אַ ווינד הוילט מיר אין די אויערען. איך בין אויפגעוואַכט ערגעץ אויף אַ פעלזען-פעלד אונטער אַ בוים. אַנ'אַלטער פערדאָרנטער בוים. פונקט אונטער אַזאַ בוים וואו מיר זיצען איצט. דוכט זיך אַ ווערבע. אַ שוואַרצער פויגעל האָט אויפגעקראַקעט פון צווישען די ווערבע-צווייגען און מיך אויפגעוועקט.

— וואָס מיינט איהר?—ווענדט ער זיך פלוצלינג צום דאָקטאָר פון נאַטור-וויסענשאַפטען—ס'איז אַלצדינג גע-ווען אַ חלום?

— אַ חלום!—קאָן זיך דער דאָקטאָר נישט איינהאַלטען און ענטפערט בייזליך—פאַנטאַזיעס... איהר זענט קראַנק, מיין ליבער פריינד.

— קכי—ברומט דער שוואַרצער פרעמדער מיסטעריאיש ווי אין פחד. ער קוקט זיך אום נישט זיכער און ווייזט מיט זיין לאַנגען סקעלעטען-פינגער אויף דער חורבה:— פרובט נור אַריבער געהן אין יענע חורבות אַריין אַ קע-

געגן איבער אונז. פרובט נור איבערנעכטיגען אין דער מפולת...

דער נאָרוועגער דער סעקטאַנט האַקט איבער; ער זאָגט זאַנפט צום דערצעהלער:

— פאַר וואָס אַ חלום? איך האָב געקאָנט איינעם אַ ספּיריטיסט. אַ מעדיום. אַ נשמה פון יענער־וועלט פלעגט איהם יעדען פריהמאָרגען ברענגען ווייסע רויזען אין זיין צימער אריין. אונבעקאַנטע ווייסע רויזען. זי האָט איהם געדינט ווי אַ געטרייער הונד. וואָס ווייסען מיר דען, מיר מענשען, וועלכעס איז טרוים, וועלכעס איז ווירקליכקייט?

דער שוואַרצער דערצעהלער שמייכעלט זיך אויס מאָדנע און אונהיימליך.

דער דאָקטאָר אָבער שטעהט אויף פון זיין אָרט און רופט זיך רויה אָן:

— וועלען מיר געהען? באַלד ווערט עס נאַכט. מיר האָבען נאָך אַ היבש ביסעל אין אַ נאָהנטען דאָרף אריין.

מיר נעהמען פויל צוזאַמען די רוק־זעק און טון זיי אויף זיך אָן. מיר ריהרען אין וועג אריין. באַלד קומען מיר אַרויס פונם פעלזען־פעלד. מיר פערלירען פון די אויגען דעם זעע און די שלאָס־חורבות צווישען די ציפּרעסען־בוימער.

מיר שווייגען אַ גאַנצען וועג. מיר געהען שטיל.

ביי אַ וועלדעל פּערלאָזט אונז דער שוואַרצער דער־צעהלער. ער בלייבט דאָרט איבער, זאָגט ער, אין אַ הייזעל טיפער צווישען די בוימער. ביי זיינעם אַ בע־קאַנטען. אָנקומענדיג צום גאַסט־הויז פונם דאָרף נעה־מען מיר צימערן איבערצונעכטיגען. דער דאָקטאָר פון נאַטור־וויסענשאַפטען, דער פּריוואַט־דאָצענט, האָט אַזוי געמאַנעווורירט, אַז ס'זאָל איהם נישט אויס־קומען צו שלאָפען איינער אַליין אין אַ צימער.

ס'איז געווען אין אַ קיהלען אָווענד אין אָבער-
לאַנד פון ענגאַדין, אין אַ וויסטען פערהיאַ-
ניעסען טאָל ביי די ווילדע ווייס-צופּאַליעטע וואַ-
סערען פון מאַלאָיאַ.

אַ קאַלטע יונגפרוי, ווייס און נאַקעט ווי דער
עדעלווייס, שלאָפט דאָרט איבער אויף אַ שניי-
פעלד, אינם געוועב פון בלאַסע זונען-שטראַהלען,
איהר היטער איז דער טויט.

אַ, היט די ווייסע קאַלטע יונגפרוי אינם
קאַלטען ענגאַדין...
היט איהר אונשולד!

די לעצטע בערג־שפּיצען אין די טונקעלע פאַרנאַכטיגע הימלען רויטלען זיך נאָך ווי צוגליהטע וואָלקענעס. זיי לעשען זיך איינציגווייז אין די ווייטע מיט זון־גאָלד פערשטויבטע האָריזאָנטען. די בערג טונקלען זיך און הויבען אָן פאַמעליך בעשיט און פערבליהט צו ווערען מיט שטילע פייערלעך, ווי די רויטע איינזאַמע אַלפּען־רויזען צווישען די צוריסענע שפּאַלטען אין די פעלזען.

ווי אַ פינסטערער אויסגעהויכטער אָטעם פון די אַרו־מיגע בערג, פערשפּרייט זיך די נאַכט וואָס אַ מאָל מעהר איבערן טאָל. אַ שטאַרק־צופּאַליעט געריוש פון וועלדער וועהעט און טראָגט זיך אַרום אין די פינס־טערנישען. פון ווייטע צווישען די בערג פערשטעקטע דערפער וואַכען אויף און שפּראָצען אַרויס צעבליהטע קלאָמבעס פייערלעך. אַ שוואַרצער שפּיגעל פון אַ זעע

ענטפלעקט זיך ערגעץ אין אַ פערפלאָנטערט געדעכ־
טעניש פון בוימלעך און גרעזער און רונצעלט זיך פויל.

שטראָמענווייז פליסט די נאַכט אַרויס פון צווישען די
בערג און זי גיסט אָן מיט זיך דעם טאָל. פון ערגעץ
טויען נאָך טיילמאָל אויף ווייטע פערשפעטיגטע קיר־
כען־קלאַנגען.



נאַכט. פלוצלינגע וויסטע אויסגעשרייען פון מענשען רייכען אַדורך די שטילקייט און דערנעהנטערן זיך פון צווישען אַ סטאַדע ווילדע שטיקער פעלזען. עס שווימען־אויף איינצעלע סילועטען אינם געדעכטעניש. זיי זוכען אַ וועג מיט לאַנגע הויכע בערג־שטעקענעס.
איינער פון די טוריסטען, אַ הויכער פעסט־געבויטער מאַנספערשוין מיט אַ שווערען רוק־זאַק אויף די פליי־צעס, גיט אַ שפרונג אַרויס פון צווישען דעם געדעכ־טעניש און שטעלט זיך אָפּ אויפן האַרטען באָדען פון טאָל. ווען ער טרייסעלט זיך אַ ביסעל אָפּ פון שטויב, הויבט ער אויף דעם שטעקען, לעגט די האַנד־פלאַך צו צום מויל און שרייט אַרויף אין דער הוילער פינס־טערניש אַריין:
— האַלאָ! ס'איז דאָ ערד!
פון דער אויסגעשטאָרבענער אַרומיגקייט פאַליעט זיך אַרויס אַלס ענטפער אַ שטילער עכאָ.

באַלד הויבט זיך אָן צווישען דעם געדעכטעניש עפּעס צו רודערן. האַרטע צעוואָרפענע טריט בלאָנזשען און פּלאָנ־טערן זיך דערשראָקענע אַרום צווישען די גרעזער. אַ פּאָר שוואַרצע געשטאַלטען פון מענשען, מיט רוק־זעק און מאַנטלען, גיבען זיך צויאָגטע אויף אַמאָל אַ לאָז אַרויס פון דער פינסטערניש און הויבען שנעל אָן זיך צו דערנעהנטערן צו דעם ערשטען:

— האַלאָ!

— האַלאָ!

— ס'אַרא וויסטעניש! מ'זאָל דאָס נאָהנט דאָ ערגעץ זעהן זיך בלישטשען אַ הייזעל ביי אַ פייער!

קיינער ענטפערט נישט; נאָר מען דערנעהנטערט זיך צום הויכען טוריסט. ער אָבער שטעלט זיך פּלוצלינג אָפּ, שטרייכט מיט זיין בליק אַרום דעם קאַלטען פער־פרוירענעם מיט שטערן בעשיטען הימעל און זאָגט דאַן שטיל:

— ס'איז שרעקליך קיהל אין דרויסען נאַכט צו בליי־בען; ערגעץ דאָ נישט ווייט אין די פעלזען מוזען וואוינען פּאַסטוכער, וואו מ'וועט בעקומען אַ פייער זיך צו דערוואַרעמען.

די איבעריגע טוריסטען, ווי זיי וואָלטען עס נישט גע־הערט, נעהמען דערווייל פון זיך אַראָפּ די רוק־זעק און צוזעצען זיך מיד און שטיל אויף שטיקער צובראָ־כענע שטיינער, וואָס ליגען דאָ און דאָרט צעוואָרפען

צווישען די גרעזער, הויבען אָן אין דער שטיל צו פע־רויכערן פאַפּיראָסען. איינער פון זיי, מיט אַ שלאַנקע סענטימענטאַלע פיגור, איינגעהילט אין אַ ווייכען צו־פאַליעטען מאַנטעל, האָט זיך אַ וואָרף געטון אַ מידער אינם גראָז אַריין און ווי אַ נאַכט־פויגעל אָנגעהויבען אויסצופייפען עפּעס אַ מאָדנע מאָנאָטאָנעם מאָטיוו.

דער הויכער טוריסט שפּאַנט אַלץ אונרוהיג און האַס־טיג אויף און אָפּ איבער אַ דערנעבענדיג שטעגעל צווי־שען די שוואַרצע צופּוילטע גרעזער, וואָס פּלאָנטערן און רייסען זיך אונטער זיינע פיס. פון צייט צו צייט שטעלט ער זיך אָפּ הינטער אַ בוימעל און מיט דער האַנד־פלאַך פאַר די אויגען קוקט ער זיך אום אין דער פינסטערער נאַכט.

ער רייבט זיך אין די הענד און ברומט צו זיך:

— ס'איז שרעקליך קאַלט... ערגעץ אין די פעלזען מו־זען וואוינען פאַסטוכער...

דער מיטן צופאַליעטען מאַנטעל, וואָס האָט זיך אַ וואָרף געטון אינם גראָז אַריין, הערט אויף צו פייפען. ער שטעקט אַרויס פון דאָרט זיין שוואַרצען געקרויזטען קאָפּ, געהבעצט לאַנג און שלעפעריג, און רעדט קוים אַרויס:

— עי, מ'הערט נישט. ס'וואָלט שוין דאָרט פון צווישען די פעלזען־שפּאַלטען ערגעץ אַפערגעפינקעלט אַ פייערל.

פויזע.

— האַלאָ!

— וואָס איז?

— ס'איז קאַלט.

— מ'דאַרף אונטערלעגען אַ פייער...

עמעצער לאַכט שטיל און בלייבט ווידער רוהיג. בלויז איינזאַמע פייערלעך שעמערירען פערקיהלטע אין די פינסטערנישען. ס'הערט זיך ווייט אין דער נאַכט אַ זאַט פערשלאָפען געפּליעכק, ווי אַ וואַסער וואָלט דאָרט ערגעץ־וואו זיך געבלאָנקעט צווישען שטיינער און גע־שווענקט אַ ברעג.

דער הויכער טוריסט איז נאָך אַ קורצע צייט אַזוי אויף און אָפּ געגאַנגען צווישען די פינסטערע צעוואַקסענע ורעזער. אינדעם גיט ער ווי אַ געביסענער אַ שפּרינג־ אויף און שטרעקט טיף דעם קאָפּ אויס אין דער נאַכט אַריין, וואו ער האָט עפּעס דערזעהן — אַ רויטע צובליהטע נאַכט־בלום דורך אַ שטילען צויבער אָנגעצינדען דאָרט ערגעץ אין דער פינסטער אינם שטילען טאָל, — און ווי נישט מיט זיין קול נעהמט ער שרייען:

— העי, ס'געפינען זיך מענשען דאָ ערגעץ אין טאָל!

די טוריסטען לויפען זיך שנעל צוזאַמען פון צווישען די גרעזער צו איהם צו, וואָס שטעהט אַלץ אויף זיין

אָרט און ווייזט מיט דער האַנד אין דער בייגאַכטיגער ווייטקייט:

— ס'מוז זיך געפינען אַ היטע דאָרט ערגעץ אין די וועלדער, וואו מ'קאָן איבערנעכטיגען,—זאָגט ער צו זיי שטיל און קאַלט,—אָדער עפּעס אַ חורבה, וואו דער פרוירענע פּאַסטוכער צולעגען אַ פייער... מ'דאַרף אַ קוק געבען אהין.

— נו, קומט!

די טוריסטען קלויבען שלעפעריג, ווי פוילענדיג זיך, צוזאַמען זייערע זאַכען פון צווישען די גרעזער, נעהמען אויף זיך די רוק־זעק און מידע לאָזען זיי זיך אַריין, מיט די הויכע בערג־שטעקענעס אין די הענד, צווישען די פּערוואַקסענע בוימער, וואָס רוישען קופּעס־ווייז דאָ און דאָרט אין די פעלזען. וואו־ניט־וואו דרי־מעלט ערגעץ בעהאַלטען צווישען זיי אַ שוואַרצער גע־רונצעלטער גלאַנץ פון אַ וואַסערל אָדער קליינע אינז־לען קוים דערצינדענער יאָהאַנעס־פייער יאָגען זיך און שוועבען אין דער שטיל אַרום איבער קעמפּעס פינס־טערע צופאַליעטע גרעזער. ערגעץ האָט זיך נאָך אַ דער־שראָקענער פויגעל אָפּגעריסען, אַנטלאָפען מיט אַ גע־פילדער און זיך געלאָשען צווישען די פעלזען.

דער פייכטער וואַלד אָטעמט מיט שטילקייט. מ'הערט בלויז די טריט פון די טוריסטען, וואָס זאַפּען זיך

שוּוער אינם נאַסען גראָזיגען וועג. אין די קאַלטע פינסטערע האָריזאָנטען שניידען זיך רוהיג די הויכע מעכטיגע בערגער, צווישען וועלכע ס'בלאַנקען זיך נאָר דאָ און דאָרט, זוכענדיג, גרויע שטיקער נעבעל.
פלוצלינג גיט ערגעץ פון צווישען די געדיכטע בוימער־שטאַמען אַ בליץ אַרויס אַ ווייט איינזאַם פענסטערל, ווי אַ בלוטיג אויג פון אַ וואַלד־גייסט, וואָס האָט זיך פער־שטעקט אַ מידער אין זיין ווילד־פערוואַקסענע צווייגען־נעסט און שמייכעלט זאַט און צופרידען אַרויס אין דער נאַכט אריין.
די טוריסטען, ווי אַהין געלאָקטע, הויבען אָן צו שפּאַ־נען מיט שנעלע אייליגע טריט צו יענעם אָרט צו. זיי שאַרען און רייסען זיך האַסטיג צווישען נאַסען פינס־טערען גראָז, אַוועקמאַכענדיג מיט די שטעקענעס די מאַסע פערפלאָנטערטע צווייגען, און שיפען זיך וואָס אַ מאָל טיפער אריין צווישען די בוימער.
ס'איז שטיל. פינסטער גראָז פאַליעט זיך צווישען די שטאַמען. עמעץ פון די טוריסטען שטעלט זיך פלוצלינג אָפּ הינטער אַ בוים, גיט אַ קלאַפּ מיטן שטעקען אינם שטאַם אריין, און רופט זיך הויך אָן:
— האָלדריאַ !...
קיינער האָט נישט געענטפערט. די קיהלע צופליסטערטע נאַכט, וואָס וויגט זיך שטיל איבערן וואַלד, הויכט אַרויס פון זיך אַ שוואַכען עכאָ.

די טוריסטען לאָזען זיך ווייטער אריין אינם טאָל. דער וואַלד ווערט שיטערער, דאָס בלוטיגע אויג פון וואַלד-גייסט וואַקסט דערווייל וואָס אַ מאָל קלאָרער אין דער ווייטער טיפער נאַכט.

אין דער ווייטעניש הויבט אָן אין דער פינסטערניש זיך אַרויסצוצייכענען אַנ'אַלטע צופאַלענע מיט אַ קרענקליך רויטען שיין בעהויכטע היטע.

דאָס ביסעל טוריסטען שיפען זיך לאַנגזאַם אַלץ מיד פאָראויס צווישען די צופאַליעטע גרעזער צו דער היטע צו. ערגעץ ווייט פון דער נאַכט הויבט אָן אַרויסצובליצען אַ שוואַרצער פעט-גלאַנציגער שפיגעל פון אַ לופטיגען ברייט-צוגאָסענעם זעע. ער הויערט זאַט און צופרידען ערגעץ אין די ווייטע שטיל-צורוישטע פינסטערקייטען.

די טוריסטען הויבען אָן וואָס אַ מאָל ראַשער אַהין צו שפאַנען צו דער היטע צו מיט זייערע הויכע לאַנגע בערג-שטעקענעס, ווי אַ מַחֲנֶה וואַלד-גַזְלָנִים איילענדיג צו זייער הייל.

צווישען די אין דער נאַכט צעוואַקסענע, צעוועהעטע גרעזער גיסען זיך די פאַליעס. זיי וועקען זיך איצטער אַרויס קופּעסווייז פון די שטילע מיט נאַכט בעגאָסענע טיפענישען, בלאָנקען אַרום ביי די וויסטע ברעגעס.

אַט בעווייזען זיך שוין אינגאַנצען אַרויס פון די

גראָזען די נאַסע צופּוילטע ווענד פון עפּעס אַ פּער־וואַקסען האַלב־צעלעגט הייזעל.

די טוריסטען געהען שטיל צו. פון אינעווייניג הערט מען גאָרנישט. פון אַ קליין צובראָכען אין דער זייט פערשטעקט פּענסטערל שטראָמט אַרויס אין דער נאַכט אַריין אַ רויטער פייכטער שיין און פאַלט ווי אַנ'אַוועק־געבלאָזענער פּערוועלקטער בלאַט אויף די דערנעבענ־דיגע צעוויגטע וואַסערען. די פאַליעס שלאָגען זיך אָן מיט אַ לייכטען שוים אינם נאַקעטען וויסט־צופּעלזענ־טען ברעג. ס'גיט זיך נאָר טיילמאָל פון אונטער אַ צו־פּוילטען אין וואַסער איינגעזעצטען זייל אַ ריס־צָפּ אַ קייט פון אַנ'איינזאַם אָנגעבונדען שיפעל.

— ס'זאָל דאָרט קיינער נישט זיין?

— עי, מ'זעהט דאָך זיך לייכטען...

— שטילער... מ'הערט עפּעס פון דרינען...

די טוריסטען בלייבען אַ קורצע ווײלע שטעהען פאַר דער טיר און רעדען זיך נאָך אַביסעל איבער מיט קורצע אָפּגעריסענע ווערטער. איינער פון זיי גיט האַסטיג אַ קלאַפּ מיט דער פויסט אין דער טיר אַריין:

— העי, עפענט ווער ס'איז דרינען!

קיינער ענטפערט נישט. נאָך אַ קורצער פּויזע גיט זיך מיט אַ שוואַכען קלינג אַ פּראַל־אויף דאָס פּענסטערל. אַ נאַסער צופּלאָכטענער קאָפּ פון אַ מיידעל שטעקט זיך פאָרזיכטיג וואָס אַ מאָל טיפער אַרויס אין דער

פינסטערער קיהלער נאַכט אריין. זי בעמערקט דאָס ביסעל טוריסטען, וואָס שטעהען צוזאַמען פאַר דער טיר.

— העי, ווער זענט איהר!

— ס'זענען טוריסטען. מאַכטס אויף!

דער האָריג-צעוועהעטער קאָפּ קוקט זיך נאָך אַביסעל ארום אין דער שטילער פינסטערער נאַכט. באַלד ציהט ער זיך צוריק און לעשט זיך אונטערן פלינק פערהאַק-טען פענסטערל. אין אַ פּאָר מינוט ארום עפענט זיך די פערלעגטע נידריגע טיר און די טוריסטען לאָזען זיך אריין.

אַ וויסטע פּאַסטוך-היטע.

אויף די אָפּגעשיילטע ברודיגע מיט אַ רויטען שיין בעפייכטע ווענד שאָטענען זיך דאָ און דאָרט לאַנגע אָפּגעצויגענע פעל פון קיה. אויף דער ערד צווישען צעוואָרפענע בונטען שטרוי וואַלגערען זיך אַרום אין אַנ'אונאָרדנונג קליידער, שטריק, איבערגעקעהרטע עמערס.

ס'איז שטיל.

פאַר אַ ווילד-צופלאַקערטען הויפען צווייגען, וואָס ברענט איינזאַם אין מיטען דער היטע, שלאָפען און ליגען צעוואָרפען אַ פּאָר האַלב-נאַקעטע ווילד-צושויבערטע מענשען. דרויסען פון אונטערן פענסטערל שוימט זיך דאָס ווייכע געפּליעסק פון די וואַכעדיגע צוגאָסענע כאַליעס.

אַריינלומענדיג בלייבען די טוריסטען אַ קורצע צייט

פרעמד שטעהען פאַר דער טיר, ווי זיי וואָלטען זיך אומ־געקוקט, וואו זיי זענען דאָ עפּעס. די פאַסטוכער ליגען אַלץ שטיל אויף דער ערד אין די רויטע שאָטענעס פון פייער.

באַלד אָבער רוקען זיך די טוריסטען ווייטער אַריין און צושיטען זיך אין דער שטילער פינסטער־צושאָטענטער היטע. טייל פּרובען נישט־דרייסט פון זיך אַראָפּצונעה־מען די רוק־זעק און דערנעהנטערן זיך נייגעריגע צום פייער, ביי וועלכען ס'שלאָ:ען די פאַסטוכער.

מיט אַמאָל ווערען די טוריסטען דרייסטער. דער הוי־כער טוריסט מיטן רוק־זאַק אויף די פּלייצעס גערט צו נעהנטער און פּרובט עמעצען פון די פאַסטוכער לייכט צו בעריהרען מיט זיין שטיוועל:

— העי, מענש איינער דו, מענש איינער דו...—זאָגט ער צו איהם שטיל און שטרענג און גיט זיך אַ לייכטען שמייכעל אויס צו די איבריגע.

דער פאַסטוך וועקט זיך האַסטיג און גיט פּלוצלינג אַ ריס־אויף די אויגען. ער קוקט זיך פערשלאָפען נאָך אביסעל אום אין דער היטע. דאַן הויבט ער אָן פויל און געהנעצדיג צו קוקען אויפן פייער.

— וואָס איז?—זאָגט ער רויה, נאָך אַ קליינער קורצער פויזע, ווי צו זיך, גלייך ער וואָלט זיי נישט געזעהן.

— פרעמדע טוריסטען אויף נאַכטלעגער,—ענטפערט

יענער,—ס'איז קאַלט, מענש, אין דרויסען צו נעכטיגען אויפן הוילען פעלז אין אַזאַ נאַכט.

— ס'מאַכט זיך אַ שניי־שטורם אויבען אין די בערגער!— ברומט דער פאַסטוך און רוקט זיך נעהנטער צו צום פלאַם.

—צו־ווייניג נעבעל אויף די שפּיצען, מענש, צו־ווייניג נעבעל. ס'וועט זיך דאָרט קיינעם נישט פערגלוסטען אין אַזאַ קעלט צו שנייען. האָסט דאָך פייער אין דער היטע... דו שטעה בעסער אויף און גיב אַ שנאַפּס.

דער פאַסטוך קוקט זיך אום אויף איהם מיט זיין רויה ווילד־פערוואַקסענע פּנים, ווי ער וואָלט איהם ערשט איצט דערזעהן. באַלד וועקען זיך אויך די איבּ־ריגע פאַסטוכער און הויבען זיך פויל אָן אַרומצוקוקען אויף די נייע אָנגעקומענע מענשען, וואָס קומען אָן אַלץ דרייסטער פון דער פינסטער, רינגלען זיי אַרום, און שטעקען אויס די הענד צום צופלאַקערטען פייער.

— שטעהטס אויף, שטעהטס אויף, מיר פריהרען! — לאַכען זיי און בלאָזען זיך אויף די נעגעל.—די היטע דרויסען וועט געוויס איינפאַלען, ס'מאַכט זיך אַ שניי־שטורם...

— אַ הונד וועט דיר איצט נישט וואָיען אין די בערגער...

— געוויס וועט ער נישט וואָיען...

— די קיה וועלען נאָך אַריינפאַלען אינם זעע...

— הי, הי, אין אזא קאלטע נאכט.

— וועט געוויס נאך א לאווינע היינט אראפשטירצען אינם טאל!—רופט זיך פלוצלינג אן איינער.

— אנ'אדלער וועט אויספיקען דעם דאך!—בעמערקט א צווייטער.

— א האן וועט אריינקרעהען דורכן פענסטער!

אלע לאכען, רייבען זיך די הענד, און שמועסען נאך אביסעל אין דער שטיל צווישען זיך. די פאסטוכער ווערען וואכעדיגער, הויבען זיך איינציגווייז אן צו דערהויבען פון דער ערד און צוגעהען זיך שטיל און פויל אין דער פינסטער.

אין דער שטילער איינזאמער היטע ווערט וואס א מאל לעבעדיגער. די טוריסטען בעוועגען זיך פרעהליך, ברענגען זיך צו שלעפען די צושנירטע רוק-זעק, צו-לעגען זיי אין אנ'אונארדנונג ארום פייער און נעהמען ארויסווארפען פון דארט אויף דער פאדלאגע פער-שידענע זאכען. איינער זוכט ערגעץ אויף צוהאקטע שטיקער האלץ און פרובט זיי אריינשיבען אין די העלע צופלאקערטע פלאמען, די אנדערע הויבען שוין אן פריי פון זיך אראפצעווארפען די רעק, ציהען זיך מיד אויס אויף דער ערד נעבען פייער און קוקען שטיל נאך די פאסטוכער, וואס בלאנקען זיך ארום פער-שלאפענע, ווי די שאטענעס, אין די פינסטערע ווינקעלעך פון דער היטע, נישטערן דארט מיט א שטיל גערויש

דאָס נאַסע צעוואָרפענע שטרוי, אַרויסקלויבענדיק שאָנ־דעס מיט עמערס.

די פּאַסטוכער טון זיך פּויל אָן די שאָנדעס, רוקען זיך אַריין ווי אַ צוזאַמענגעשלאָגענע קופּע אין מיטען דער היטע און בלייבען אַ קורצע ווײַלע דאָרט שטעהן, ווי זיי וואָלטען זיך וועגען עפּעס בעראָטען. באַלד אָבער געהט איינער פון דאָרטען אַוועק און דערנעהנטערט זיך אין דער טונקעלקייט מיט שווערע האַרטע טריט צו צו די איבריגע טוריסטען, וואָס רודערן זיך נאָך לייכט געבען אָפּשיין פון פייער.

— מיר געהען נאָר אַרויס אָנטרינקען דאָס פיה,—זאָגט ער שטיל, אָבער מיט אַ רויהער טרוקענער שטימע און בלייבט שטעהן גלייך, ווי ער וואָלט געוואַרט אויף ענטפער.

— אַ דאַנק און אַ שענע גליקליכע רייזע אין די בערג!

ער ענטפערט נישט, נאָר מעסט זיי אָפּ מיט זיין רויהען בליק אין גיט בייז אַ קלאַפּ מיט די שאָנדעס. דאַן געהט ער צוריק צו די איבריגע, וואָס וואַרטען אויף איהם טיפער אין דער היטע.

— איצטער קאָנען מיר געהען—זאָגט ער איז דער שטיל און פּעררויכערט אַ פּאַפּיראָס.

— קומט!

זיי געהען מיט האַסטיגע טריט צו צו דער טיר, וואָס

עפּענט זיך אין דער פינסטער, און לאָזען זיך דורך איהר איינציגווייז אַ דורך, ווי אַרויסגנב'עדיג זיך. אַ קורצע צייט הערט מען נאָך ווי ס'קלאַפּען דרויסען פאַרן פענסטער זייערע האַרטע שטומפּיגע טריט, דאַן לעשען זיי זיך איינס נאָך איינס אין דער קאַלטער שטילער נאַכט, צווישען וואַסער און פעלזען צוגאָסען.

אין דער היטע איז פּלוצלינג שטיל געוואָרען נאָך זייער אַרויסגעהן. מ'הערט ווי דאָס פייער קנאַקט און בעגיסט וואָס אַ מאָל בלוטיגער מיט איהר אָפּשיין דאָס קרענצעל טוריסטען, וועלכע בלייבען אויף זייער גע־לעגער צווישען די צעוואָרפענע רוק־זעק אין שטרוי און קוקען מיד פערטראַכטע אויפן איינזאַמען אין רויך און פלאַמען צופלאַקערטען הויפען.

עפּעס ווי אונבעמערקט הויבט זיך אָן טיף ערגעץ אין דער אין פינסטערע שאָטענעס איינגעהילטער היטע צו בעוועגען אַ פאָרהאַנג. אַ ווילד צופלאָשעטער מיידעל־שער קאָפּ בעווייזט זיך בגנבה און שטעקט זיך וואָס אַ מאָל טיפער אַפער, בעטראַכטענדיג מיט אַ לייכט שמייכעלע דאָס קופּקעלע טוריסטען ווי זיי זיצען און וואַרעמען זיך נעבען פייער. באַלד ציהט זי זיך פּאַ־מעליך צוריק, פערשטעקט אַ האַלב פּנים אונטער דער פאָרהאַנג, פון וואַנען זי גיט פּלוצלינג אַ הילכיגען לאַך אַפער און פערשווינדט.

די טוריסטען שפרינגען אויף פון זייערע ערטער און הויבען זיך אָן ארומצוקוקען אויף אלע זייטען.

דער שלאַנקער טוריסט, וואָס זיצט נאָהנט ביים פייער איינגעהילט אינם מאַנטעל און רויכערט א פּאַפּיראָס, שמייכעלט זיך אויס דער ערשטער:

— האָסט געהערט?

— ס'האָט געלאַכט.

— יאָ.

קורצע פויזע.

דער שלאַנקער טוריסט דעררויכערט דעם פּאַפּיראָס און זאָגט:

— שטעלען מיר זיך פאָר א ווילד נאַקעט וואַלד־מיידעל. זי האָט פערבלאָנדזשעט אַהער פון דער פינסטערער קיהלער נאַכט אַרויס, און דערזעהענדיג א נאַקעטע מאַנספערשוינען ביים פייער־שיין, האָט זי זיך שעמעוו־דיג צולאַכט.

— וואַלד־מיידלעך לאַכען, ווען זיי שעמען זיך.

— מען פיהלט א פרישקייט פון וואַסער־בלומען...

— הערטס נאָר!... האָט זיך נישט אמאָל דאָס וואַלד־מיידעל אונזערס בעהאַלטען דאָ ערגעץ אין א ווינקעל אָדער פערשטעקט זיך צווישען צוואָרפענעם שטרוי?

— מ'דאַרף פּרובען א זוך טון...

— נעהמטס פייער!...

די טוריסטען ווערען אין אויגענבליק מונטער, וואַרפען

זיך אַרויף אויפן פייער־הויפען, רייסען אַרויס פון איהם צופלאַקערטע שטיקער האָלץ און צולאָזען זיך לעבע־דיג מיט ברענעדיגע שטורקאַצען און מיט אַ פרעהליך געלעכטער איבער די טונקעלע ווינקעלעך פון דער היטע, וואָס ווערען מיט אַמאָל אָנגעצינדען און בע־גאָסען מיטן פייכטען רויטען פאַקעל־ליכט. ליידענ־שאַפטליך צוצעוואַרפען זיי אַלץ אַרום זיך, נישטערן צווישען די קופּעס צעוואָרפענעם שטרוי, אַזוי ווי זיי וואָלטען געוואָלט אויסגראָבען פון דאַנען דאָס פער־לוירענע נאַקעטע וואַלד־מיידעל. ס'איז אָבער קיינער נישט געווען. די פאַקעלען פלאַקערן ווילד אין זייערע הענד, בערויטלען זייערע צוהיצטע פּנים'ער.

זיי קוקען זיך אום און לויפען נאָך. אַ שפּאָרע ווילע אַרום איבער דער היטע מיט די פאַקעלען אין די הענד ווי רויטע צושכּור'טע וואַלד־רויבער.

עס בעמערקט איינער די פאָרהאַנג און גיט אַ שריי אויס:

— העי, זי האָט זיך גאָר בעהאַלטען אונטער דער פאָר־האַנג, דאָס וואַלד־מיידעל!

נאָך איינער מאַכט זיך אַ שפּאַס:

— זי איז גאָר אַריין אין אַ פעסעל וואַסער, דאָס וואַלד־מיידעל...

— הי, הי, ווי וואָלט דיר אַזאַ וואַלד־מויד אַריין אין אַ פעסעל וואַסער?

ווי לויט אַנ'איינשטימיגען אָפּמאַך גיבען זיך אַלע פּלוצלינג

א לאָז אוועק ווייטער־צו אין דער היטע, וואו עס פאַליעט און שאָטענט זיך שטיל דאָס ווייכע פינסטערע געוואַנד פון דער פאָרהאַנג. א פּאָר געזונדטע האָריגע הענד גיבען זיך א כאַפּ־אָן דערין, די פאָרהאַנג גיט זיך א האַסטיגען ריס־אראָפּ און פאַלט מיט א לייכטען שאָרך אַנידער אויף דער ערד.

די טוריסטען בלייבען איבערגעראַשטע שטעהען אויף זייערע ערטער. אינם ווינקעל, אויף א צובראָכען מיט שטרוי בעוואָרפען בעט, זיצט א צושויבערט ביזן העמד אויסגעטון מיידעל איינטוליענדיג זיך שע־מעוודיג אין א לייכטער צעריסענער קאָלדרע. זי קאָר־טשעט איין אונטער זיך די ווייסע נאַקעטע פיס, וואָס שטאַרען אַפער פון אונטער דער קאָלדרע. הינטער די אויסגעשפּרייטע הענד איהרע וויגען זיך פון שמאָלען צושפּיליעטען העמד־זוים אַפער די אין דער העלפט ענטבלויזטע פולע ברוסטען, ווי פרישע עפּעל. דערזע־הענדיג די טוריסטען, וואָס שטעהען ווי פאַר א וואונ־דער, הויבט זי זיך אָן הינטערווײַלעכץ אַלץ ווייטער ארויפצורוקען אויפן בעט. זי דריקט־צו די הענד אַלץ שטאַרקער צו די פולע ווייסע ברוסטען, ווי ווילענדיג אַזוי־ארום פערשטעלען איהר אָפענעם בוזעם פאַר די ווילד־פרעמדע מאַנספערשוינען, וואָס שטעהען ארום איהר מיט די רויכערדיגע פאַקעלען אין די הענד.

— זעה נאָר, וואָס פאַר א מיידעל ?...

זי הויבט זיך אָן נאָך האַסטיגער אַרויפצורוקען אויפן בעט, אויפדעקענדיג דאַדורך איהרע דיקע נאַקעטע פיס, וואָס ענטפּלעקען זיך אַפּער פון אונטערן העמד ווי צוויי ווייסע אָבגעשיילטע צווייגען. זי שליידערט בייז אַוועק פון זיך די קאָלדרע, און לאָזט זיך אַ שטאָלצע, באָרוויס, אין בלויזען העמד, צו די טוריסטען, וואָס רוקען זיך צוריק. זי גיט עמעצען פון זיי אַ מעסט־אָפּ מיט איהר בליק און שטעלט זיך שטרענג און ברייט אקעגען איהם:

— עי, דו, וואָס איז דאָס עפּעס אַזוינס צו רייסען פאָר־האַנגען און איבערצעוועקען פרעמדע מיידלעך אין מי־טען דער נאַכט?...

יענער לאָזט פּאַמעלעך, ווי פערשעמט, אַראָפּ דעם קאָפּ און רוקט זיך הינטערווייַלעכטס שטיל אַריין צווישען די איבריגע טוריסטען, וואָס שטעהען קופּעסווייז צוזאַמען און בעטראַכטען זי. ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנד, און וואַרפענדיג בעהאַלטענע תּאָוה'דיגע בליקען אהין צו איהר אָפענעם בוזעם, שמייכעלט ער זיך אויס און מורמעלט:

— ע, ס'איז גאָרנישט. עמעץ פון אונז האָט נאָר אויף אַ שפּאַס געזוכט אַ וואַלד־מיידעל.

עטליכע טוריסטען צוקייכען זיך מיט אַ שטיל געלעכ־טער און קוקען זיך איבער. באַלד הויבען זיי זיך אָן פרייער צו בעוועגען צווישען זיך, צושמייכעלטע פרובען

זיי דרייסטער זיך צוצורוקען צו איהר. איינער רוקט זיך ארויס א נעהנטסטען צו איהר און פערנייגט זיך מיט אנ'איבערגעטריבענער העפליכקייט:

— איהר דארפט זיך דאך נישט שרעקען פאר אונז, מיידעל שענס,—זאָגט ער און פרובט מיט א פרעך שמייכעלע איהר אריינצוקוקען אין די אויגען,—ס'זענען דאָך נאָר בלויז רוהיגע טוריסטען.

זי ענטפערט נישט, שטעהט אלץ אויף איהר אָרט מיט אראָפגעלאָזטע נאַקעטע הענד. די אנדערע פרובען זיך אבער איינציגווייז נעהנטער צוצושארען צו איהר, ווינקען שעלמיש צווישען זיך און טייטען בעהאלטען מיט די פינגער אויף די ווייסע ענטבלויזטע פאָרמען פון איהר מיידעלשען קערפער. אָבער אינדעם, גלייך ס'וואָלט גאָר נישט געווען, דרעהט זי זיך שטיל אוועק פון זיי און לאָזט זיך מיט רוהיגע לאנגזאמע טריט צוריק צו צום בעט, וואו זי זעצט זיך א מידע פאמעליך אנדער אויפן ראנד און דעקט זיך איבער די פיס מיט דער קאָלדרע.

די טוריסטען בלייבען א קורצע צייט שטעהען אויף זייערע ערטער און קוקען זיך איבער פערוואונדערט. עמעץ פון זיי צולאכט זיך פלוצלינג, שפייט אויס, גיט א מאך אוועק מיט דער האנד, געהט צוריק און נעהמט זיך פויל און שטיל דערלעגען האָלץ צום פייער; באלד א צווייטער און א דריטער.

די, וואָס בלייבען נאָך שטעהן אין דער פלוצלינג גע־וואָרענער טונקעלקייט, הויבען צווישען זיך אָז צו שושקען:

— מ׳דאַרף צוגעהן צו איהר...

— נו, געה!

— זי איז אזא בייזע...

— וואָס וועט זי דיר טון?

— האָסט צו טון מיט פאַסטוכער... ס׳איז אַ געפעהרליכע באַנדע!...

— ס׳איז דען אַ ווייב? גלאַט אַזוי אַ מויד...

ער נעהמט אַרויס פון אַ זייטען־קעשענע אַ טאַבאַק־פושקע, קלויבט פון דאָרט געלאַסען אַ פאַפּיראָס אויס, פערררויכערט איהם און לאָזט זיך פאַמעליך, מיט אַ מויל רויך און מיט אַ הינטער פערלעגטע הענד, צו צום בעט, וואו דאָס מיידעל זיצט אַ פערטוליעטע אין דער קאָלדרע און קעמט זיך שטיל מיט די פינגער די בונטען שווארצע אויף די אַקסלען צעוואָרפענע האָר. ער בלייבט אַ קורצע ווײלע שטעהן פאַרן בעט, רויכערט, און קוקט זיך שטיל און ווי בעשיידען צו צו איהר קעמען.

— ס׳אַ שענע שווארצע האָר איהר האָט, פריילײן!— זאָגט ער נאָך אַ קורצער פויזע מיט פאַטאָס און פרובט אַריבערצובויגען זיין בליק צו איהר—איהר צוקעמט זיי גלייך שווארצע שטראָמען וואסער איצטער אין דער ווילדער שטילקייט פון די בערג...

זי בלייבט אַ ווײַלע זיצן רוהיג מיט אַראָפּגעלאָזענע הענד, היבט נאָר צו איהם אויף אַ פּאָר גרויסע פּייכט־צושמייכעלטע אויגען, ווי צוויי שטילע אַלפּען־בלומלעך אין קיהלען נאַכט־טוי געבאָדען:

—איהר לאַכט, מיין הערר,—זאָגט זי שוואַך,—גיט בע־סער אַ פּאַפּיראָס צו רויכערן.

— מיט פערגניגען. אָה, סאַראַ שיינע געדיכטע האָר איהר האָט... ווי די רויהע פינסטערע נאַכט דאָ ביי אייך...

זי לאָזט אַראָפּ די אויגען, פּויקט נאָר לייכט מיט די פינגער איבער איהר איבערגעבויגענע פערדעקטע קני. ער פּרובט זיך אָבער אַלץ נעהנטער צוצורוקען צו איהר, הויבט שטיל אויף די האַנד און לאָזט זי קוים און פּאַ־מעליך אַראָפּ אויף איהר קאָפּ.

— ס'אַראַ שענע האָר איהר האָט, פריילין, סאַראַ שענע האָר!—פּליסטערט ער שטיל אַרויס מיט פערביסענע ליפּען פון תּאווה און שאַרט פּאַמעליך אַריבער זיין האַנד, ווי שפּילענדיג זיך, איבער איהרע שוואַרצע צולאָזענע האָר אַראָפּ אויף איהרע וואַרעמע נאַקעטע פּלייצעס. פּלוצלינג גיט ער זיך אַ האַסטיגען זעץ אַנידער נעבען איהר אויפן בעט, פערוואַרפט ווילד זיין האַנד אַרום איהר טאַליע, און געבענדיג זי אַ פעסטען ציה צו זיך, פערגראָבט ער ווי אַ דערשראָקענער פּאַר זיך אַליין

זיין ווילד צוהיצט פּנים צווישען איהרע צואָטעמטע פולע מיידעלשע ברוסטען.

— סאַראַ פּריש לייב איהר האָט דאָס, מיידעל...— ברומט ער ווילד ווי אַ צורייצטע חיה און כאַפּט זיך מיטביידע הענד אָן פאַר איהרע אַקסלען. זי גיט זיך אָבער מיט אַ שרעקליכען שטויס אַ ריס-אַרויס פון איהם און אַ צוטומעלטע גיט זי פּלוצלינג מיט דער גאַנצער קראַפט שנעל אַ שפּרינג אַרויף אויף זיינע קניען, קריצט צעוואוטיגט מיט די צייהן, און פערגראָבענדיג זיך פעסט מיט די פינגער טיף אין זיין האַלז, וואַרפט זי זיך קאָנוואולסיוו אויף איהם מיט איהר גאַנצען קערפּער ווי ווילענדיג איהם דערשטיקען.

ער צאַפּעלט אַ צומישטער, מאַכט וואַהנזיניג מיט די הענד און וויל זיך אָנכאַפּען פאַר איהרע פּלייצעס. זי קנוילט זיך אָבער און שטיקט איהם צווישען איהרע הייסע נאַקעטע אָרעמעס מיט דער גאַנצער קראַפט, וואָס אַמאָל מעהר צוויזשעט. עס פערגעהט אַזוי אַ צייט אינם שטילען אנגסטיגען קאַמף צווישען דעם מיידעל מיט איהם—נאָר אָט האָט ער זיך שוין אָבער אינגאַנצען אויפגעהערט צו בעוועגען און אָהנמעכטיג ווי אַ שווע-רער אונטערגעשניטענער כנאָפּ פאַלט ער אַרויס פון איהרע הענד...

זי רייסט זיך צוריק אַראָפּ אויף דער ערד, אַזוי ווי אַ משוגע'נע, האַלב-נאַקעט, מיט ווילדע צושויבערטע

האָר און מיט אַרויסגעזעצטע אויגען בלייבט זי שטעהן פאַרן בעט, אויף וועלכען ער ליגט שוין איצטער אויס־געצויגען, מיטן פנים טיף פערגראָבען אין שטרוי...

— מענש איינער, איהר...—רעדט זי קוים אַרויס נאָך אַ קורצער פויזע, אָהן אָטעם, און לאָזט זיך פלוצלינג ווידער אַ צווישעטע צו צו איהם מיט צונויפגעדריקטע פויסטען; זי בלייבט ווי דערשראָקען פאַר דעם ווילדען איבערגעדרעהטען קערפער זיינעם, וואָס גראָבט זיך נאָך קוים אַנ׳איינגעביסענער אינם שטרוי אין אַ שטי־לער ליידענשאַפטליכער אַגאָניע.

— מענש איינער, איהר... מענש איינער, איהר...— פליסטערט זי אַ דערציטערטע אַרויס מיט קאַלטע צו־שראָקענע לעפצען און פרובט לייכט מיט די שפּיץ פינגער צו בעריהרען זיינע קרעמפּיג־צוקאָרטשעטע פּלייצעס.

ער ענטפערט נישט.

זי שטעהט נאָך אַביסעל און גלאָצט אויף איהם, דאַן לויפט זי שנעל מיט באָרוויסע טריט און צולאָזענע האָר צו צום פייער, וואו די טוריסטען ליגען זיך רוהיג צו־זאמען, און גיט ווי נישט מיט איהר קול אַ געשריי אויס:

— ער איז געשטאָרבען!...

די פלוצלינג איבערגעשראָקענע טוריסטען כאַפּען זיך פלינק אויף פון דער ערד. דאָס צושראָקענע מיידעל שטעהט פאַר זיי אין איין העמד, ציטערט דערפרוירען

מיט די לעפצען, און ווייזט מיט אַנ'אויסגעשטרעקטע נאַקעטע האַנד אַהין אויפן בעט:

— אַ מענש אַ געשטאָרבענער ליגט דאָרט אויפן שטרוי... אַ מענש אַ געשטאָרבענער...

זיי לויפען־אַרום אַרום איהר, איינער כאַפּט זי פלוצלינג אָן פאַר דער האַנד:

— וואו איז אַ מענש געשטאָרבען ?... זאָג, סאַרא מענש איז געשטאָרבען ?...

— כ'ווייס נישט...—שטאַמעלט זי, רייסט ווי אַ געביסענע איהר האַנד אַרויס פון זיינער און אַנטלויפט.

זיי לאָזען זיך אַלע נאָך איהר צום טונקעלען ווינקעל. יענער ליגט נאָך אַלץ אויפן שטרוי מיטן פּנים אַראָפּ און מיט פונאַנדערגעשפּרייטע פיס. מ'זעהט נאָר ווי זיינע שטאַרקע צוקאָרטשעטע פלייצעס זויגען אין זיך טיף און האַסטיג אַריין אַ הייסען צוכאָרכעלטען אָטעם, וואָס פייכט. דאָס מיידעל, וואָס איז אָנגעלאָפען די ערשטע, כאַפּט שנעל פון דער ערד די אַראָפּגעפאַלענע פאָרהאַנג, טוליעט זיך איין אין איהר, זעצט זיך אַוועק אין אַ טיפען פינסטערן ווינקעל, פון וואַנען זי שטעקט נאָר קוים אַרויס דעם צושויבערטען קאָפּ און קוקט אויף די צוטומעלטע טוריסטען, וואָס אין גרויס שרעק כאַלען זיי כמעט אויפן בעט אַרויף. איינער לויפט פלוצלינג צוריק, כאַפּט אַרויס אַ צופלאַקערט שטיק

האַלץ פונם צובּרענטען שייטער־הויפען, און הויבּט אָן צו פּאַכען דערמיט אין דער פינסטערניש.

בּעלויכטען מיטן רויטען פאַקעל־שיין קוקט אויס דער וואָס אויפן בּעט ווי ס'וואָלט איהם עמעץ אַ דער־הרג'עטען אַרויסגעשלעפּט פון דער נאַכט. די טוריסטען בּלייבּען אַ קורצע ווײַלע שטעהען אויף זייערע ערטער, נישט וויסענדיג וואָס איז דאָ עפּעס אַזוינס געשעהן. איינער בּויגט זיך שטיל אַראָפּ צו איהם און קלאַפּט איהם פאַרזיכטיג אויף די פּלייצע:

— עי, מענש איינער דו!—פּליסטערט ער אַרויס מיט שרעק.

יענער ענטפערט נישט, נאָר גיט אַ שטילען ציטער מיטן קערפּער, אָבּער בּאַלד דערנאָך, ווי ער וואָלט זיך פּלוצלינג בּערוהיגט, הויבּט ער קוים און פּאַמעליך אָן אויסצודרעהען דעם קאָפּ. דאָס רויטע דערשוויצטע גע־זיכט פלאַמט אַקעגען פּאַקעל, אויסגעלאַסען, ווי אָנגע־גאָסען מיט בּלוט. מ'זעהט בּולט ווי ס'גלאָצען דערפון אַרויס אַ פּאָר, אין דיקע בּלוטיגע אָדערען פערוויקעלטע, אויגען. קוים, ווי אונבּעמערקט, פערציהט זיך אַ פּייכ־טער פערחלומ'טער שמייכעל אויף זיינע רויטע פּער־בּרענטע ליפּען, וואָס הויבּען זיך אָן פּאַמעליך צו בּעוועגען.

— וו—אַ—ס—ע—ר—

די טוריסטען בּויגען זיך געשווינד איין איבּער איהם,

פּרובען איהם לייכט פאַרן קאָפּ. אַ ביסל העכער אַרויפצוציהען אויפן שטרוי.

— ברענגט איהם שנעלער וואַסער!

— ס'מוז דאָך דאָ ערגעץ אין דער היטע זיין טרינק-וואַסער.

אַלע קוקען זיך אום. פלוצלינג בעמערקט אָבער איינער דאָס מיידעל, וואָס קנוילט זיך אַ ווייסע אינגם ווינקעל.

— אָט איז דאָס מיידעל,—זאָגט ער אין דער שטיל און רופט זי מיטן פינגער.

זי מאַכט זיך נישט זעהן, נאָר פערטוליעט זיך אַלץ מעהר, אַ צושראָקענע, אין דער פינסטערניש. מ'זעהט נאָר ווי זי רייסט די פאָרהאַנג אויפן נאַקעטען לייב אַרויף, גלייך זי וואָלט זיך געוואָלט הינטער איהר בעהאַלטען.

פויזע.

— אין דער היטע מוז דאָך דאָ ערגעץ זיין טרינק-וואַסער...

— נו, זוכט עס!

— וואו דען?

זיי בעוועגען זיך נאָך אַ ווײַלע אַרום קראַנקען. באַלד אָבער צולאָזען זיך אַ צוויי פון זיי איבער דער היטע. אַ קורצע צייט נישטערן זיי אַרום אין די ווינקעלעך לייכט און אויפגערעגט, רודערן מיט די פיס, הויבען

און צעוואַרפּען דאָרט מיט אַ שטיל געראָויש די כּער־שפּרייטע פּוילע שטרוי־בונטען.

— האָסט ?

— ניין, ס׳איז נישטאָ.

פּויזע.

פּלוצלינג קומט איינער צו צום פענסטער און גיט עס אַ מאַך־אויף. ס׳בלאָזט אַריין אַ פריש קיהל ווינדטעל. שוואַרצע אונגעהויערע בערג אין די קאַלטע לופטיגע הימלען.

דאָס מיידעל שליכט אַרויס בערוהיגט פונם ווינקעל. דער, וואָס שטעהט ביים פענסטער, גיט זיך מיטן האַל־בען קערפּער טיף אַ בויג אַרויס, קוקט זיך אַביסעל אום און נעהמט רעדען הויך און אָפּגעהאַקט:

— צווישען די פעלזען ריזעלט אַ וואַסער־על... מ׳זעהט אַנ׳עמער... פון דאָרטען שעפּען זיי געוויס דאָס וואַסער...

ער גיט זיך צוריק אַ רוק אַריין אינעווייניג, ווילענדיג צוקומען צו דער טיר פון דער היטע. אָבער אונבאַ־מערקט גיט דאָס מיידעל שנעל אַ שוועב אַ דורך נעבען די וואַנד און איידער ער קוקט זיך אום, שטעהט זי שוין ווידער אין דער כּייכטער טונקעלקייט, אַ ווייסע, כּמעט ענטבלויזטע, מיט לאַנגע פונאַנדערגעקעמטע האָר און מיט פונאַנדערגעשפּרייטע הענד, גלייך זי וואָלט

מיט איהר קערפּער ווע‏לען פערשטעלען דעם וועג פּאַר דער טיר.

— איהר גערט נישט, מיין הערר!—זאָגט זי נאָך אַ קורצער פּויזע מיט אַ שטילער אויפגערעגטער שטימע.

ער בלייבט אַ רגע אַ צוטומעלטער און קוקט זי אָן מיט אַ פּאָר אָפּענע אויסגעגלאָצטע אויגען.

— איהר געהט נישט, מיין הערר!—און זי שטייפּט אַלץ מעהר אויס אין דער־טונקעלקייט איהרע געקרייצטע נאַקעטע אָרעמעס.

— איהר געהט נישט!...

ס'טויעט עפּעס אַזוי' מאָדנע פון דער וויכטער רו'הער פינסטערניש אַרויס די שטילע געביטערישע שטימע פון דעם ווילדען בערג־מיידעל, וואָס שטעהט אין איין העמד, און בעפעהלט. ער בלייבט פּשוט אַ דערשראָ־קענער־שטעהן אויפן אָרט. אין אַ רגע אַרום פליסטערט ער נאָר שטיל און טרוקען אַרויס:

— איהר מוזט דאָך מיך אַ דורכלאָזען, מיידעל... ס'ליגט דאָך דאָרט אַ מענש אין דער פינסטער, וואָס כ'מוז איהם פון דרויסען ברענגען וואַסער...

— ס'איז נישטאָ קיין וואַסער דרויסען אינם טאָל...— ענטפערט זי רוּים.

— וואָס הייסט ס'איז נישטאָ, כ'האָב דאָך צווישען די פעלזעו געזעהן דעם קוואַל!

—יאָ... אָבער איהר קאָנט נישט אַהין דאָ־ט.
—פאַרוואָס ?
זי קנוילט זיך נאַקעטערהייד איין אין דער טיר און ענטפערט האַרט :
— איהר וועט די קיה צוטרייבען, אַז איהר וועט אַהין געהן נאָך וואַסער... איהר קאָנט איצט נישט אַהין און די קיה צוטרייבען...
— געהט שוין, ווער וועט אייך דאָרט טרייבען קיה, נאַריש מיידעל...
— לאָזען זיי נאָר הערען גלעקלעך איצטער אין דער באַבט, קומען זיי... זיי זענען נישט ווייט פון דאַנען...
— ווער ?
—די פאַסטוכער... זיי פאַנגען פיש איצטער אינם זעע... לאָזען זיי נאָר הערען די גלעקלעך, קומען זיי...
— נו, קאָנעז זיי קומען. וואָס אַרט עס אייך... קאָנען זיי קומען.
זי לאָזט שעמעוודיג אַראָפּ דעם קאָפּ און זאָגט :
— מיך אַ נאַקעטע צווישען אייך...
ער ענטפערט נישט.
פון די איבריגע טוריסטען, האָט מען נישט געהערט : קענטיג, אַז זיי האָבען נישט פערנומען דאָס רויהע געשפרעך מיטן מיידעל און אַלץ אין דער פינסטער ערגעץ געזעסען צווישען שטרוי און געוואַרט אויף איהם, ער זאָל קומען פון דרויסען... אין דער שטילקייט

הערט מען נאָר בלויז דאָס וואַסער, און אין ווינקעל, וואו עס האָט געברענט דאָס פייער, קוקט נאָר איצטער צייטענווייז אַ פונק אַרויס פונם בערגעל אַש.

— קאָנט איהר מיך נישט אַרויסלאָזען, מיידעל ?—ס'ליגט דאָך אַ מענש דאָרט אין דער פינסטער.

— ניין...—ענטפערט זי.

— ניין !—ווידערהאָלט ער קוים און לאָזט זיך פאַמעליך, מיט לאַנגזאַמע טריט צוריק צום אָפענעם פענסטער, פון וואַנען ס'בלויט אַריין דער קאַלטער צושטערענטער הימעל.

דאָס מיידעל קוקט איהם נאָך נאָך אַביסעל, דאַן לאָזט זי זיך אַראָפּ אויף די שוועל, פערגראָבט מיד איהר פנים צווישען איהרע נאַקעטע אויפגעשטעלטע קניען.

אַ גרין צופלאָסען פייערל גיט שנעל אַ בליץ-אויף אין דער טיף פון דער היטע.

עמעץ פון די טוריסטען רייבט אָן דאָרט אַ צינדהעלצעל.

די גאַנצע היטע ווערט עפּעס ווי בעלעבט און דורכ-געגעצט מיט אַ פייכטען רויטליכען ליכט. עס ציטערן און טראָגען זיך אַרום די נישט-קלאָרע געשטאַלטען פון די זאַכען אין דער היטע, וואָס הויבען אָן זיך אַרויסצעווייזען פון דער טונקעלקייט און אַרויס זיך צו

ריסעוועז פון דאָרט, גלייך שאָטען־טונקעלע אילוזיאָן־בילדער.

ס'בעווייזט זיך אַ צווייט פּייערל, אַ דריטס.

אינם ווינקעל, וואו ס'שטעהט דאָס בעט, זעהט מען קוים, ווי אין דער שוואַכער ליכטיגקייט הויבען זיך די טוריסטען אָן צו בעוועגען מיט אַ געפּליסטער.

ס'בעווייזט זיך דאָרט צווישען זיי נאָך אַ פּייערל.

עמעצער פון די טוריסטען האָט אָנגעהויבען מיט אַ צינד־העלצעל זיך אַרומצובלאָנקען איבער דער פינס טערניש דאָס מיידעל ביי דער טיר און דער טוריסט ביים פענסטער בלייבען אַלץ אין זייערע פריהערדיגע פּאָזען.

יענער מיטן צינד־העלציל פּלאָנטערט זיך נאָך אַ קורצע צייט אַרום אין דער פינסטערניש מיטן שוואַך צו־פלאַקערטען פּייערל.

פלוצלינג דערזעהט ער פאר זיך דאָס לופטיגע אָפענע פענסטער.

פאַרזיכטיג הויבט ער זיך אָן צו שאַרען מיט זיין פּייערל איבער די פיל בונטען שטרוי, וואָס ליגען דאָ און דאָרט אין אַנ'אונאָרדנונג צעווארפען איבער דער פּאָדלאָגע, שטעלט זיך אַלע מאָל אָפּ צווישען זיי מיט אַ נישט־זיכערהייט און טרעט ווייטער פאָרזיכטיג.

אָט איז ער שוין ביים פענסטער. ס'פיהלט זיך דער קיהלער וויכטער הויך פון דרויסען. דאָס צינדהעלצעל

געהט איהם אויס, ער צינדט אָן אַ צונייטס און וועהעט דערמיט אַרום זיך אין דער פינסטערניש, ווי אַ נאַכט־צויבערער, אַ גאָלדענעם קרייז. ער שאַרט נאָך מיט די פיס אַביסעל אַרום אינם שטרוי, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אַרויספלאָנטערן פון דאָרט.

ס'איז אַ ווײַלע שטיל. מ'הערט בלויז פון דרויסען דאָס וואַסער.

ער דערזעהט דעם, וואָס ביים פענסטער.

אַ דערשראָקענער גיט ער אַ ציטער אויף זיין אָרט, גיט איהם אַ כאַפּ־אָן פאַר די האַנד און איידער יענער קוקט זיך אום, בויגט ער זיך אַריבער איבער איהם און דריקט איהם פעסט מיט ביידע הענד דעם קאָפּ אַרויס אין דער נאַכט אַריין, אַרויספלאַצענדיג מיט אַ ווילד הילכיג געלעכטער:

— הי, הי, הי!...

די שטילע טיפע פינסטערניש אין טאָל נעבען פענסטער ענטפערט אָפּ מיט אַנ'עכאָ, מיט אַ לאַכען. אינעווענינ אין דער היטע הערט מען נאָר אויף אַ מאָמענט עפּעס אַ גערודער, נאָר ס'ווערט אין דער שטיל דערשטיקט. דער אַרויסגעבויגענער פון פענסטער אַמפּערט זיך מיט אַ קאָנוואולסיווער צושראָקענקייט אין די קרעפטיגע אָרעמס פון זיין אָנפאַלער.

יענער לאָזט איהם באַלד אָפּ. ער גיט זיך מיט די גאַנצע קראַפט אַריס־אַרויס פון איהם, בלייבט שטעהן

דעם קאָפּ צושויבערט, מיטביידע הענד אונטערוויי-
לעכטס פעסט אָנגעקלאַמערט אָן דעם קוואַטיר פוּ-
פענסטער.

ס'פערגעהט אַזוי אַ קליינע ווײַלע ביז ער בערוהיגט זיך
און לאָזט פּאַמעליך, ווי נישט-זיכער, די הענד אָפּ פוּ-
קוואַטיר, בויגט זיך ביינאַכט אויס אין דער היטע אריין,
זיך בעמיהענדיג צו בעטראַכטען דעם שוואַרצען אומ-
בעקאַנטען, וואָס טרעט ביסלעכווייז אָפּ אין זיין ווינקעל.

איצטער האָט ער איהם דערקענט. ער לויפט צו צו
איהם אַ צושויבערטער און כאַפּט איהם אָן פאַר דער
האַנד:

— ביסטו דאָס? גרויסער גאָט איינער! כ'האָב דאָך
געמיינט זיי זענען דאָ אונז בעפאַלען.

— ווער האָט דען געזאָלט בעפאַלען? — ענטפערט יענער
און שטעלט זיך אָפּ פאַר איהם אַ דערשראָקענער.

— וואָס הייסט ווער? די פּאַסטוכער...

— פאַרוואָס דען?...

— מ'האָט דאָס מיידעל צופיל צורייצט... ס'איז זייערס
אַ מיידעל, וואָס זיי האַלטען ביי זיך דאָ אין דער וויס-
טעניש... סאַראַ בעסטיע... אַ געפעהרליך שפּיל אָנצו-
הויבען מיט אַזאַ ווילדע באַנדע פּאַסטוכער...

— וואָס האָט מען איהר דען געטון?

— קומען ביינאַכט אין אַ היטע און אַרומטרייבען זיך

מ יט אַ נאַקעט מיידעל... מיר זענען דאָך פֿרעמדע דאָ אין די בערג... איצטער זיצט זי און היט זיי אָפּ... ס'איז אַ געפֿעהרליכע באַנדע... איהר קענט זיי ניעט דאָ, די רויהע היציגע יונגען... אָהאָ!

יענער שטעקט ביידע הענד אריין אין די טאַשען, פייפט ווי אַ וואוילער יונג און קוקט זיך אַרום אין דער פינסטערער היטע:

— וואו האָסטו זי דען?

— זי זיצט דאָרט אויף דער שוועל נעבען די טיר... ס'אַ געפֿעהרליכע באַנדע...

— געה שוין!

— נעהם עס נישט אַזוי לייכט... צו קומען אין די בערג און צו כאַפּען אַ מעסער פון עמעצען פאַר אַ מיידעל עפעס... און דאָ איז די נאַכט וויסט, די געגענד אַרום און אַרום איז ווילד און פערלאָזען... קיין שפור פון אַ מענשליך לעבען אין ערגעץ... וואַסער און פעלזען... פאַסטוכער פיטערען אַרום זייערע סטאַדעס צווישען די נאַקעטע בערג... האַלטען דאָ אויס זייערס אַ מיידעל... הויבט איהר אָן מיט אַזאַ מיידעל זייערס, ווערט עס דיר אַ געפעהרליך פאַלק...

— נו, אַזוי געפֿעהרליך איז עס נאָך נישט. זאָג מיר בעסער, וואָס מאַכט עפעס אונזער קראַנקער?

— דער טייוועל וועט איהם נישט נעהמען. פאַר אַ ביסעל פלירט האָט זי איהם שיער דערוואָרגען. ער האָט

זי נאָר געוואָלט קושען, זאָגט ער, אַ גלעט טון. זי איז דאָך ווירקליך רייצענד און וואונדער־שען, אָט דאָס קליינע בערג־מיידעל, און דאָ נאַ דיר אַזאַ צניעות!

— זיי זענען אַלע דאָ אַזוי אין די בערג. רייצען און וואַקסען איבער די געפעהרליכסטע אָפּגרונדען אַראָפּ, ווייס און נאַקעט ווי דער עדעלווייס און גיבען זיך אַוועק נאָר יענע, וואָס קומען ווי די אָדלערס צו זיי, אָט אָ די ליבען זיי ליידענשאַפטליך מיט דער גאַנצער היציגער אויסגעלאַסענקייט פון זייערע געפיהלען, ווי ס'קאָנען נאָר ליבען אַזעלכע ווילדע און רויהע נאַטורען אין די בערג.

— ע, ס'אַביסעל איבערגעטריבען...

— אָה, ניין! אַזוי ליבט מען איינפאַך פרויען דאָ אין די בערג און אַזוי גלוסט מען זייער לייב, וואָס לאָקט און איז ווייס, געפעהרליך ווייס... אָהאָ, איהר קענט זיי נישט דאָ. די שענע מיידלעך אין די בערג. מיט זיי וועט מען זיך נישט שפּילען גלאַט אַזוי אָ, בלויז די צעפּ זיי צו צופּלעכטען; איהר רייסט עדעלווייס... און ס'איז שוין דאָ עמעץ, וואָס קוקט זיי אויס אַלע נאַכט פון די איינזאַמע פעלזען־היטעס, און ער וועט אייך דער ערשטער בעגעגענען מיט אַ מעסער.

פּויזע.

— פיו—ו—ו—ט! —גיט יענער אַ פייף, און קראַצט זיך אונטער דער גאָמבע. פּאַמעליך שטעקט ער דעם קאָפּ

אַרויס אין דער נאַכט אַריין, וואו אַלעס איז וויסט.
אין די ווייטע לופטיג־צושטערענטע האָריזאָנטען רייסען
זיך אַריין די פינסטערע צוריסענע בערג־שפּיצען און
דער זעע גלאַנצט שוואַרץ אונטערן פענסטער.

ער קוקט אַזוי אַ שפּאָרע ווײַלע אַרויס אין דרויסען.
די גאַנצע וויסטעניש ליגט ווי קופּעס פון שוואַרצע
טויט־נעצען איבערן וואַסער און אויף די איר־וועגען
אין די בערג. ערגעץ אויבען פלאָנטערט זיך שטיל און
בעהאַלטען אַ פייערל, דאַכט זיך פון אַ ווייטער איינ־
זאַמער היטע.

— גאָט מיין גרויסער! גאָט מיין גרויסער! — פליסטערט
ער אַרויס מיט ציטערדיגע פערביסענע ציינער און מיט
אַ שטילער איינגעהאַלטענער שרעק אין דער נאַכט
אַריין, און בויגט זיך אַלץ שטאַרקער איבערן קוואַטיר
מיטן פנים אַראָפּ צום זעע, גלייך ער וואָלט זיך ווע־
לען דאָרט איינקוקען. דער אַנדערער, וואָס שטעהט
נעבען איהם, גיט איהם געשווינד אַ כאַפּ־אָן פאַרן
אַרבעל, ציהט איהם האַסטיג צו צו זיך, און מורמעלט
שטיל ווי פאַר זיך:

— מענש, בויג זיך נישט אַזוי אַרויס, ביסט דאָך שוין
באַלד אין וואַסער!

— פונדעסטוועגען איז עס גאָרנישט, נאַרישער יונג
איינער, ס'איז גאָרנישט...

— וואָס זאָל עס דען זיין ? — ברומט יענער בייז.
— וואָס ווייס איך ?... זיי כאַפּען דרויסען פיש, די באַנדע... בעהאַלטען זיך מיט די ווענדקעס אין דער פינסטער צווישען די גרעזער און כאַפּען פיש... גאָל־דענע פיש... האָסט שוין געזעהן אַ מאָל ווי שטיל מ׳ציהט מיט אַ ווענדקע ביינאַכט אַרויס פון וואַסער גאָלדענע פיש ?... ווי זיי ציטערן אין דער פינסטער, ווי זיי קוקען אויס ?... ווי קליינע גאָלדענע וואַסער־מיידלעך, ווי פּרינצעסינס, אַז זיי טאַנצען, פערשליי־ערטע אין אַ קאַלט געוועב פון גאָלד דאָס זונען־ליד אין אַלטען שלאָס אונטען ביים גרינעם בייזען וואַסער־קעניג, וואָס איז בלינד און האָט נאָך קיינמאָל די זון נישט געזעהן... זיי שפּאַצירען זיך איצטער אַרום פער־חלומט׳ע אין די קיהלע שוואַרץ־צושטראָמטע אַלעען פון וואַסער און וואַרטען אויף די, וואָס זיי ל בעז...

דער, וואָס ביים פענסטער, שווייגט, ווי ער וואָלט עס נישט געהערט, בייסט זיך אויפגערעגט די נעגעל און קוקט אַרויס צום זעע.
— דיך שרעקט דאָס מיידעל, וואָס איז נאַקעט, האָט לאַנגע וואונדערשענע האָר און זיצט פאַר דער טיר; דיך שרעקען די פאַסטוכער, וואָס ליבען זי, זיצען ערגעץ איצטער ביינאַכט אויף אַ ברעג צווישען די גרעזער מיט די פיס איינגעטינקט אין וואַסער, פייפען

צו איהר אויף הוילע שווארצע פייפלעך זייערע ווילדע לידער, שלייפען מעסערס פאר אונזערט־וועגען ..

— אָהאָ !

— ס'איז הערליך צו פאנגען ערגעץ פון א גרינער וויסטער הייל ארויס און צו ליבען ביינאכט א מיידעל, וואָס דאָס לייב איהרס איז וויס, ווי א בונט פון פרישע אָפגעשניטענע ליליען, ווילד און פערפיהרעריש ווייס.. צו קושען זי מיט פערמאכטע אויגען אויפן האלז, דע־מאָלט ווען אויף אלע פעלזען שטעהען איהרע ווילדע געליבטע, רופען זי אויף זייערע הוילע שווארצע פייפ־לעך און וואַרפען, ווי פישערס ביי א שווארצען טייך, אין דער נאכט אריין זייערע לאנגע פינסטערע צארט־געוועבטע נעצען, וואו אהין זי זאל פערבלאָנדזשען... ווילסטו זי ? וועלען מיר ביי די האָר נעהמען דאָס נאקעטע וואונדערשענע מיידעל... מיט זיך ערגעץ אין די בערג...

— אָהאָ !

— אין די בערג ! דאָרט הויך צווישען די שווארצע געפעהרליכע אָפגרונדען, איבער וועלכע ס'שמייכעלט און זילבערט זיך דאָס שטילע לאנד פון עדעלווייס, ווי עמעצענס אָפרוה... הויפענווייז וועלען מיר עס רייסען. אויפן ווייסען שוים פון טויט וועלען מיר בעטען דאָס בעט פון אונזער ליבע... ווילסטו זי ?

יענער דרעהט זיך שנעל אויס.

— הער נאָר דו, וואָס טון דאָרט אונזערע ?—פרעגט ער איהם מיט אַ טרויערנעם טאָן.

— וואָס זאָלען זיי דען טון ?—ענטפערט יענער, ווי פלוצלינג איבערגעריסען.

— המ .. גאָרנישט.

פויזע.

— כ'מיין ס'איז דאָרט אַזוי שטיל עפּעס, ווי זיי וואָלטען אַלע געווען אויסגעשטאָרבען.

— ס'איז פינסטער, שווייגען זיי אָדער דרימלען דאָרט צווישען די בונטען שטרוי. קעגען וואָס דען ?

— כ'מיין, קעגען מיידעל.

— קעגען מיידעל ?

— יאָ, קעגען מיידעל. ווער ווייסט צי זי זיצט נאָך דאָרט אויף די שוועל. האָט זי זיך נישט אַ מאָל אַרויסגעגנב'עט פון דער היטע און אַהין געלאָפען נאָך זיי צום וואַסער, וואו זיי פאַנגען פיש ?...

ער ענטפערט נישט, נאָר מאַכט אויף די שפּיץ־נעגעל אַ פּאָר טריט ווייטער, לעגט פאַמעליך די האַנד־פלאַך צו צום אויער און הערט זיך אַ קליינע ווײַלע אויפמערקזאַם צו צו דער טיף־פינסטערער, בלויז מיטן געהיימניספולען וואַסער־געפּליסטער דורכגעשוידערטער היטע.

קוים אָנזעהעוודיגע געשטאַלטען פון מענשען קומען

אָן נישט זיכער פון די ווייטע טונקעלע ווינקלען פון דער היטע.

— איהר קלערט זיך נאָך לאַנג אַרומצוװואַלגערן אין דער דאָזיגער היטע?

— איהר ווילט דען שוין אין די בערג?

— נו, געווים אין די בערג, איהר וועט דאָך דאָ נישט בלייבען.

— כ׳מיין, ס׳איז נאָך צו־פינסטער.

— ע, מיר וועלען שוין טרעפען... איידער ס׳וועלען זיין אָפּגרונדען, וועט שוין אָנהויבען צו טאָגען אין די הויכענישען...

— אויפן נערגסטען פאַל קאָנען מיר מיטנעהמען פאַקעלען.

— ס׳איז אַ קיהלע ווינדטיגע נאַכט...

— וועלען מיר נישט טרעפען קיין נעבלען?

אַלע לאָזען זיך מיט פוילע אומעטיגע טריט אוועק איינער נאָכן אַנדערן טיפער אין דער פינסטערער היטע אַריין, פון וואַנען מ׳הערט נאָר אַ קורצע צייט, ווי עס בעוועגט און רודערט זיך דאָרט עפּעס. באַלד שווימט אַרויס פון דער שטילקייט אַ קליינע פעראיינזאַמטע קאַראַוואַנע, ווי דורך דער נאַכט אַ דורכגעוואַנדערט. זיי שפּאַנען אין דער פינסטער דורך די היטע, מיט לאַנגע הויכע בערג־שטעקענעס.

נעבעי שוועל פאַר דער טיר זיצט דאָס מיידעל. פון דער פינסטער בלייכט זי זיך אַרויס נאָך אַ פרישערע און ווייסערע. זי שלאָפט דאָרט רוהיג, מיט דעם קאָפּ טיף פערגראָבען צווישען די קני. די האָר גיסען זיך איהר מיד שטראָמענווייז אַראָפּ איבערן האַלז. דאָס לייב איהרס אָטעמט קאַלט און שוואַך אונטערן לויזעז לייכטען העמד.

די טוריסטען שלייכען פאַמעליך פאַר איהר איינציגווייז אַ דורך דורך דער שטיל־געעפענטער טיר, פון וואַנען ס'גיט פלוצלינג אַ בלאָז אַהיין אַ קיהלע פרישקייט.

דער לעצטער פון די וואַנדערער שטעלט זיך נאָך ביי איהר אָפּ, לעגט אַרויף זיין האַנד אויף איהרע שוואַרצע צולאָזענע האָר און גיט זיי אַ גלעט.

זי גיט אַ ציטער.

— ווי הייסט איהר?—פרעגט ער שטיל און גלעט זי פאַרן האַלז.

— לואיזע...—פליסטערט זי שלעפעריג קוים אַרויס ווי פון טרוים.

— לואיזע! ווי ליב איך איך, לואיזע! ווי שען זענט איהר!

ז

... דער זעע הויכט, לאכט ווייס אַרויס פון זיין געלעגער און רופט:

— פליוך! פליוך!

נאַקעטע פרישע וואַסער־מיידלעך טויכען לייכט אַרויס, ווי שטיקער שוים, פון די שוואַרצע צוריסענע פּאַליעס, שווימען און טרייבען זיך אַרום קופּעסווייז אין דער פינסטער איבערן וואַסער. מחנות וואַסער־גייסטער שטעקען זאַט אַרויס פון זייערע נעסטען פלאַטשיגע מיט גראָז בעוואָקסענע קעפּ, ווי גרינע פרעש, לאַכען פרעך און רופען:

— פליוך! פליוך!

וואַסער־מיידלעך ווערען געבוירען און באָדען זיך אין ווירוואַר פון שוואַרצע צעווילדעטע שטראָמען, יאָגען און טינקען זיך איינע אין די אַנדערעס שאָטען און צולאָזען, ווי געוויקסען זייערע וואורצלען, גאָלדענע

צעפּ אויפן וואַסער... בונטען ווייסע נאַקעטע הענד שטעקען זיך צעוואָרפען פון די פינסטערע פּאַליעס אַרויס, ווי שטיל צעוויגטע קעמפּעס פון וואַסער־ליליען, וואָס רוישען און בעוועגען זיך אויפן שוואַרצען זעע פון ווינד געטריבען...

— פליוך! פליוך!

פון די אָפּגרונדען רופט דער שטילער טויט און עס שטשירען צייהן און לאַכען שרעקליך די גייסטער, פּאַטשען צופרידען מיט זייערע לאַנגע דאַרע הענד אויפן וואַסער־שפּיגעל און פאַנגען ווייסע פרישע קערפּערס פון פערליבטע אין פּאַליעס פערדרימעלטע וואַסער־מיידלעך, טינקען זיך שטיל אַראָפּ מיט זיי, ווי זומפּיגע פערגאַסענע אינזלען, ערגיץ־וואו אין טיפע וואַסער־לאַנד, ליבען זיי ערגיץ־וואו אין שוואַרצען וואַסער־לאַנד, אויף געלעגערס פון ווילדע צובוילטע גרעזער...

— פליוך! פליוך!

גיסט זיך דאָס וואַסער אין דער פינסטער און פליס־טערט ווייס אַרום די פעלזען. שוואַרצע טויטע האַרפּעס הענגען דאָרט אַראָפּ פון די ברעגעס, ווי אויסגעטרי־קענטע דערנער. ס'פּאַטשען ווייסע טויט־פליגעל דאָרט, אַ ווילדער טויטען־טאַנץ געהט ווי אַ שניי־שטורם אין דער נאַכט. שטיקער שוים רייסען זיך, ווי בליטען, פון

די וואַסערען אַרויס אויף די האַרפּעס און עס גייט דאָס טויטען־ליד.

— פליוך! פליוך!

שוימט זיך אַ ווייסער טאַנץ ביינאַכט אויפן וואַסער:

— קוש דעם טויט, קוש דעם טויט!

דער זעע ברויזט אַרום ביינאַכט אין זיין בעט אין די טאָלען און רופט:

— קוש דעם טויט, קוש דעם טויט!

*

ווען די טוריסטען זענען אַרויסגעקומען דרויסען פאַר דער היטע, איז נאָך געווען פינסטער. דער הימעל, פון אַ טונקעלע בלוי־געפרוירענע קאָליר, ציטערט דער־שראָקען, געדיכט אויסגעבליהט מיט שטערען. אונטען אין טאָל שפּיגעלט זיך די היטע אין די פינסטערע וואַ־סערען פון זעע. קופּעס טרוקענע ווילדע גרעזער פאַ־ליען זיך נעבען די ברעגעס, ווי איינגעדרימעלטע אונ־טער אַ לייכטען קיהלען ווינד.

אָנגעגורט מיט די רוק־זעק, אויף זייערע שטעקענעס אָנגעלעהנט, בלייבען די טוריסטען שטעהען אויפן קיה־לען ברעג פאַר דער היטע און זוכען אין דער דאָזיגער טויטער נאַכט־וויסטעניש אַ וועג, וואוהין זיך צולאָזען.

הינטער עמעצענס מאַנטעל בעהאַלטען וויגט זיך שטיל

אַ פּערלאָפּען אָנגעצינדען לאַמטערל, ווי אַ רויטער צו־פלאַטערטער אין אַ שטייג געפאַנגענער שמעטערלינג.

אַ קליינע ווילדע שטעהען זיי אַזוי אויף איין אָרט. באַלד אָבער לאָזען זיי זיך טריט ביי טריט אַריין צווישען די פעלזען, וואָס הויבען זיך אויף דאָ און דאָרט אין דער פינסטערניש. וואו־ניט־וואו אָטעמט זיך נאָך אויס פון די פעלזען אַ הוילער אויסגעטריקענטער סי־לועט פון אַ בוים. ערטערווייז גלאַנצען נאָך אַרויס קליינע וואַסערלעך פון די ווילדע צוטרעטענע גרעזער, וואָס וואַקסען און וועהבען זיך שוואַרץ אויפן וועג.

ערגעץ רייסט זיך פאַר זיי אָפּ פון אַ בוים אַ ווילדע סאָווע און אַנטלויפט.

אין דער פינסטערער שטילקייט טרעטען די טוריסטען אַלץ ווייטער אַריין צווישען די פעלזען. זיי געהען צו־וואָרפענערהייד, מיט די לאַנגע שטעקענעס, איינער נאָכן אַנדערן צווישען די וויסטע שטיינער.

דאָס לאַמטערל לייכט קוים צו דאָס שמאָלע ענגע שטעגעל, וואָס שלענגעלט זיך ערגעץ אַוועק אין דער פינסטערניש.

אומגעריכט גיט זיך איינער אַ שטעל אָפּ. די אַנדערע הינטער איהם, בעמערקענדיג דאָס, בלייבען אויך שטע־העז אויף זייערע ערטער.

— וואָס איז עס דאָרט? — פליסטערט עמעץ פון זיי.

ער גיט פּאָרזיכטיג אַ מאַך אַ פּאָר טריט ווייטער, ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס איינגעהערט.
דער, וואָס מיטן לאַמטערל, הויבט זיך פּאַמעליך אָן צו דערנעהנטערן צו איהם. ער בּעלייכט דאָס פינסטע־רע גראָז.
— וואָס איז עס דאָרט? — רופט זיך נאָך איינער אָן אונרוהיג.
דער, וואָס מיטן לאַמטערל, גיט זיך האַסטיג אַ קעהר־אום, ווייזט מיטן פינגער אויף די ליפּצען, ער זאָל שווייגען. דאַן ווידער לעגט ער די האַנד־פלאַך צו צום מויל און זאָגט, קוים מען זאָל הערען, צו די איבּריגע:
— איהר הערט גאָרנישט?
— וו—וו—אָ—ס—ס—ס? שעפּטשען זיי און געהען זיך צוזאַמען.
— דאַכט זיך, עפּעס טריט שאַרען זיך דאָרט אין דער פינסטער, עפּעס קלינגט דאָרט שטיל?
פּויזע. זיי הערען זיך אויפמערקזאַם צו מיט אַנ׳איינגע־האַלטענעם אָטעם, ווי ווייט אין דער טיפער וויסטער נאַכט ערגעץ טינקען זיך שטילע דראָבּנע קלאַנגען.

פויזע.
— ס׳קלינגט...

— ס'קלינגט!

— הערסט נישט טריט אין גראָז?

— ס'איז דער ווינד, וואָס וועהט.

— צושראָקענע סאָוועס פליהען איצטער אַרום איי די פעלזען.

— שטילער...

— וואו איז דאָס לאַמטערל?

— מ'איז אַוועק דערמיט ערגעץ זוכען די שפורען פון דעם שטעגעל.

— ששש!

זיי לויפען פלוצלינג צוזאַמען, קנוילען זיך קופּעסווייז ערגעץ אונטער אַ פעלז און הערען זיך אַ קורצע ווײַלע אויפמערקזאַם צו.

פויזע. אין דער ווייטער פינסטערקייט הערט מען שוואַר־שוימען דאָס וואַסער.

— ס'איז טריט—פליסטערט עמעץ ארויס.

— טריט...

— ששש!

— דאַכט זיך אַ מאַנדאָלינע.

— כי, כי... אין דער פינסטערער נאַכט גערט עמעץ און שפּילט מאַנדאָלינע.

— ששש!

מען הויבט אָן וואָס אַמאָל דייטליכער צו הערען ווי־ ערגעץ ווייט צווישען די פעלזען שאַרען זיך צעוואָר־

פענע טריט פון מענשען. זאַנפטע טענער פון אַמאַנדאָ־
לינע, ווי דאָס זשומען פון אַמחנה לייכטע גאָלדענע
שמעטערלינגען, ציטערן אין דער קאַלטער געפּרוּירע־
נער נאַכט און בעגלייטען אַשטיל ווייט קוים דערטויעט
געזאַנג:

קאַלט, קאַלט און קאַלט איז שניי־פעלדער ווינד.
מיין טויט־שוועסטער איז זויבער, איז ווייס, ווי דער שניי!
קאַלט, קאַלט און קאַלט, מיין טויט־ליב זי קומט,
מיין טויט־שוועסטער פון וואַסער, פון נאַכט־שוואַרצען זעע.
קאַלט, קאַלט און קאַלט איז שניי־פעלדער־ווינד.

הי, הי, הי!
אַווילד שרעקליך געלעכטער קייכט זיך אויס דאָרט
ערגעץ אין די טויטע־צושיטע פעלזען. די גאַנצע נאַכט
אַרום לאַכט פינסטער מיט שוואַרצע טיפע עכאָס. באַלד
ווערט אַלץ צוריק שטיל. בלויז ווי אַחלום שווימען
ווידער אויף די זאַנפטע שטיל־פערציטערטע מאַנדאָלי־
נען־טענער, בעפלויגען פון גאָלדענע שמעטערלינגען.
אַבענקשאַפטליך געזאַנג פון עמעצען, פול אָנגעטויעט
מיט טרויער, שוימט זיך אויס פון דער נאַכט:

שוועסטער מיין, שוועסטער מיין,
וואָרום ביסטו זוי בלאַס?
ס'איז אַווייסער וועלען־שיין
אויף די רויזען־ליפען מיין.

ברודער מיין, ברודער מיין,
כ׳בין ווי ס׳וואַסער נאַס.

די מאַנדאָלינע לעשט נאָך דאָס געזאַנג מיט אַ פּאָר שוואַכע אַקאָרדען

די טוריסטען האַלטען זיך מיט אַנגסט איינער אָן צווייטען. זיי רוקען זיך אינסטינקטיוו אַלץ ווייטער אַרונטער הינטערן פעלז. טאָל־גייסטער פערנעהטע אין לאַנגע מאַנטלען פון בלעטער פייפען אויף ראָהר־פייפלעך, קלויבען ׳אַראָפּ פון די פעלזען־שפּיצען צודריבעלטע זונען־שטראַהלען און שפּינען זיי אויף אויף גאָלדענע גיטאַרעס. זיי שפּילען ערגעץ נעבען טיפע פערשנייטע זעען, ביי אָפּגרונד־ווענד, וואָס לאַכען מיט ווילדע לאַווינען. אויפן וואַסער־שפּיגעל שווימען שוימיגע שלאַנקע וואַסער־יונגפרויען און בלאָזען זיך לייכט אַרום איבער די צוריסענע וואַסערען, ווי ווייסע שנייאיגע שוואַנען.

קאַלט, קאַלט און קאַלט איז שניי-פעלדער־ווינד,
מיין טויט-שוועסטער איז זויבער, איז ווייס, ווי דער שניי...

הי, הי, הי!

אַ ווייטער, רויטער, אין רויכיגע פלאַמען צופלאַקערטער פאַקעל דערנעהנטערט זיך פון דער קיהלער נאַכט.

טריט פון דערווייטענס אין גראָז קומען וואָס אַ מאָל

דייטליכער. ס'דאַכט זיך מען הערט שוין אָפּגעריסענע שטימען.

פון צווישען די צושיטע פעלזען אפער באַווייזען זיך פערשאָטענטע פיגורען פון מענשען. עמעץ פון זיי געהט פאָראויס און טראָגט דעם פאַקעל. די איבריגע הינטער איהם שניידען זיך אויף טונקעל אַרויס פון די פינס־טערע פעלזען־געשטאַלטען. זיי טרעטען צוזאַמען אין מידע פערשלאָפענע פאָזען.

ס'זענען געווען די פאַסטוכער, וואָס געהען איצטער אין דער נאַכט צוריק פון פיש־פאַנג אין דער היטע אריין.

זיי געהען אין דער פינכטער, איינער נישט ווייט אָפּ־גערוקט פון צווייטען. אויף זייערע טונקעלע סילועטען ציטערט שוואַך דער אָפּשיין פונם פאָראויס זיך טראָ־גענדען פאַקעל. זיי געהען שטיל אינם הויכען טרוקע־נעם גראָז, ניט רעדענדיג איינער צום אנדערן קיין וואָרט, אָנגעלעהנט אויף זייערע שטעקענעס.

דער מיטן פאַקעל שטעלט זיך אָפּ.

— מ'קאָן נאָך פיש פאַנגען אין זעע. די נאַכט איז נאָך גענוג פינסטער! — זאָגט ער רויה און טרוקען.

— מ'קאָן נאָך אַביסעל אָנפאַנגען, די פעסלעך אונזערע זענען נאָך ניט פול. פיש אין וואַסער איז דאָ גענוג, אָבער לואיזע וואַרט דאָרט אויף אונז אין דער היטע.

— קאָן זי דאָך קומען צום וואַסער...

— ע...

די פּאַסטוכער הויבען ווייטער אָן מיטן פּאַקעל פויל צו שפּאַנען איבער די פעלזען.

מ'הערט קוים אַ געריוויש, ווי וואַסער וואָלט זיך געשוואָנקען דאָרט אין די קליינע רונדיגע פעסלעך, וואָס הענגען זיי נאָך איבער די פּלייצעס אויף לאַנגע שוואַרצע רימען.

ווייט אין דער פינסטערקייט ווערען אַלץ מעהר פערלאָשען די טריט פון די פּאַסטוכער, ווי די טיפע נאכט וואָלט זיי אין זיך איינגעזאַפּט. עמעץ פון די טוריסטען הינטער די פעלזען רייבט אָן אַ פייערל און צינדט אָן דאָס לאַמטערל, וואָס איז געהאַט אויסגעגאַנגען.

איי דער נאָהנט גלאַנצען שוואַרץ די זעע־וואַסערן.

* *
*

אָנגעבונדען אָן אַ דאָרן דרימעלט אַ שיפעל שטיל אויפן וואַסער, ווי אַ שאָטען וואָס איז איבערגעבליבען אויפן וואַסער־שפּיגעל נאָך אַן'אַלטען אונטערגעהאַקטען בוים. ווען איינער פון די טוריסטען געהט צו צון בעריהרט עס לייכט מיטן פוס, גיט זיך עס, ווי איבערגעשראָקען, אַ לייכטען בויג אָן אַ זייט. דאָס רוהיגע שוואַרצע בייַנאַכטיגע וואַסער הויכט קאַלט אָפּ. אַ פינסטערע פּאַליע

ציטערט-אויף און שווימט לייכט אַוועק, ווי אַ געוועק-
טער פון אונטערן שיפּעל אויפגעטויכטער וואַסער-
פויגעל.

— היי—הו—היי! — בעריהרט ער עס נאָך אַמאָל מיטן
פוס, לעגט צו די האַנד-פלאַך צום מויל און הויכט
קוים-קוים אין דער נאַכט צריין.

— היי—הו—היי!

אַנ׳עכאָ טויעט אָפּ פון דער פינצטערניש. עס קומט-צו
דער טוריסט מיטן לאַמטערל.

ער שטעהט אַ קליינע ווײלע און בעטראַכט דאָס שיפעל.
ער גיט לייכט אַ שפרונג אריין דרינען, בויגט זיך איין
דעריבער און הויבט אָן מיט ביידע הענד האַסטיג דאָרט
עפּעס אַרומצוזוכען אונטערן טיפען ראַנד, וואָס איז נאָך
כמעט ווי אינגאַנצען איינגעשלאָפען אינם שוואַרצען
צופליסטערטען וואַסער.

— היי—הו—היי! — שרייט ער צו איהם צו פון דער
פיהלער שטילקייט מיט די האַנד-פלאַך איבערן מויל.

יענער ענטפערט נישט, נאָר ציהט פון דאָרט אַפּער
צוויי ווענטלעס, הויבט זיי אויף, גיט אַ פּאָר מאָל מיט
זיי, ווי מיט צוויי אויסגעריסענע פליגעל, אַ שטאָרקען פּאָך
אין דער לופט. די איבריגע טוריסטען, וואָס שטעהען
זיך ווייטער אַביסעל אין דער פינסטער צעוואָרפענערהייד
אויפן ברעג, שמועסען צווישען זיך, רויכערען פּאַפּי-

דאָסען, הויבען איצטער אָן פאַמעליך אהער צו קומען.

ווען זיי שטעהען שוין האַרט נעבען שוואַרצען וואַסער, אַז די קאַלטע גלאַנציגע שטראָמען כאַפּען שוין אויף זייערע געשטאַלטען און די אָפּשיינען פון די אָנגעצינדענע פּאַפּיראָסען וויגען זיך איבער די וואַסערען ווירויטע פּעראיינזאַמטע וואַסער-בלומלעך, שפּרינגט ער צוריק אַרויס אויפן ברעג און הויבט זיך שנעל אָן צו דערנעהנטערן צו זיי מיטן לאַמטערל. ווען ער איז שוין דערנעבען, הויבט ער עס אויף און בעלייכט שוואַך אין דער פינסטער זייערע פּנימער.

— איצטער קאָנען מיר זיך אַוועקשיפען—פּליסטערט ער צו און גיט אַ מאַך מיטן שטעקען.

— און דאָרט, אין דער היטע, אונזער מיידעל?

— ס'איז דער עדעלווייס אינם וויסטען פעלז.

— ס'איז דער עדעלווייס, און די שענע נאַקעטע טאָכטער פון דער ווילדער קאַלטער „יונגפרוי" אין אָבערלאַנד פון ענגאַדין.

— היי—הו—היי!

אין די וואַסערדיגע שטיל בעלויכטענע הימלען, אויבען,
הינטער די פינסטערע נאַכטיגע שלייערס אין די האָרי=
זאָנטען, איבער ווילד=בעשנייטע בערג=שפיצען, רייסט
זיך אַריין דער מאָרגען.

ער הויבט אָן שטיל און שעמעוודיג צו ציטערן און
אויפצוגעהן, ווי די שענע נאַקעטע וואַסער=פרוי אויף
אַ זילבער=שוימיגע פאַליע.

ס'איז דער מאָרגען!

ווייסע וואָלקענס מיט זון=גלוט אָנגעזויגען שווימען
און יאָגען זיך סטאַדעסווייז אין די אָפענע טונקעלע
הויכענישען איבער די בערג, אַנקערען זיך אין די שפי=
צען, ווי זילבערנע שיפען, לאָזען זיך אַראָפּ אין די
קוים בעשטראַהלטע טאָלען, וואָס ענטפּלעקען זיך אַרויס
פון דער קאַלטער צורינענער נאַכט. ווייט אַרום און

אַרום אין די טיפענישען טויען און טינקען זיך דאָ און
דאָרט אַרויס בלויע צעוואָרפענע זעען.
ס'איז דער מאָרגען!
שוואַכע פייערלעך לעשען זיך נאָך אונטען אין קליינע
קוים אָנזעהעוודיגע הייזלעך, ווי די לעצטע רייפע גאָל-
דענע טרויבען, וואָס די שניטערס האָבען פערגעסען
אין אָפּגעבליהטע וויינשטאָקען.
ס'איז דער מאָרגען!

* *

*

פאַר אַ צובּרענט פייער צווישען אויסגעטריקענטע דער-
נער הינטער אַ פעלז אויפן וויסטען באַרג-שפּיץ זיצען
איינגעהילט אין מאַנטלען עטליכע טוריסטען. זיי וואַ-
רעמען זיך שטיל די הענד אַקעגען פלאַם, וואָס פלאַ-
קערט העל אַרום אין דער פרישער פראָסטיגער לופט
אין זונען-אויפגאַנג און וואַרפט אויף זיי אַ טויט-בלאַסען
אָפּשיין.
נישט ווייט ריזעלט אַ שוואַכער לייכט צובּלעזעלטער
קוואַל אין דער קעלט אַרויס פון אונטער אַ ווייסען
נאַקעטען שטיין און צורינט אין זילבערנע אָדערען
איבער די גרויסע שמוציגע שניי-פלעקען, וואָס זענען
דאָ און דאָרט צעוואָרפען איבער די האַרטע געפרוי-
רענע ערד. אַ מענש ליגט דאָרט אויסגעצויגען נעבען

קוואַל מיטן פּנים אַראָפּ, גלייך ווי ער וואָלט פון דאַנען געטרונקען.

פּלוצלינג אָבער דערהויבט ער זיך און שטעלט זיך אויף די קני. ער שאַרט נאָך מיט דער האַנד אַרום אינם קאַלטען שנייאיגען שטראָם, דאַן שעפּט ער אָן מיט אַ קענדעל אַביסעל וואַסער און געהט מיט פּוילע טריט צו צו די איבריגע.

— ס׳געהט־אויף די זון! מ׳דאַרף אויסלעשען דאָס פייער! — זאָגט ער און גיט אַ גאָס־אַרויף דאָס וואַסער אויפן העלען צופלאַקערטען פלאַם.

— ס׳געהט־אויף די זון!

דאָס פייער גיט זיך, ווי דערשראָקען, אַ טיק־אונטער אונטער די נאָך נישט־אויסגעברענטע דערנער, ער דערטרעט עס נאָך צו מיט די פיס.

אַ שוואַרצער שיטערער רויך הויבט אָן אויפצוגעהן אויבען אין דער קאַלטער פּוסטקייט צווישען די פערשנייטע פעלזען, פון וועלכע עס ציטערט וואָס אַ מאָל רויטליכער אַרויס דער טאָג.

אונטען אין טאָל הויבען אָן אָפּצוקלינגען די קירכען. די טוריסטען נעהמען אַראָפּ די היט.

# אַ מעשה פון אַ ליבע

(מעמואַרען־בלעטער פון אַ שווינדזיכטיגען פילאָזאָף)

איהר, וואָס זענט ·געזונדט, וועט האָבּען קנאַפּ נחת־רוח פוּן די פּאָלגענדע בּלעטער. עס איז אַ מעשה פוּן קראַנקע און געשריבּען פוּן אַ קראַנקען. דער תהום וואָס שיידט אוּנז אָפּ פוּן אייך, איהר געזונטע, איז אַ תהום וואָס שיידט אָפּ צוויי וועלטען. צוויי וועלטען וואָס זענען זיך אַבּסאָלוּט פרעמד. שוין דכר געטליכער פּלאַטאָ האָט געזאָגט, אַז קראַנקהייט און געזונדטקייט זענען צוויי פערשידענאַרטיגע שטימוּנגען פוּן דער מאַטעריע, צוויי פערשידענע גלייכגעוויכטען אין דעם בּלינדען שפּיל פוּן די אַטאָמען.

מיר זענען צוּ סוּבּיעקטיוו אין אוּנזער דאָזיין, אַז מיר זאָלען זיך קענען פוּנאַנדעררעדען איבּער דעם אָפּגרוּנד וואָס טיילט אָפּ אוּנזערע צוויי עקזיסטענצען. די געזונדטע און די קראַנקע. וויפיל מענשען זאָלען זיך נישט בּעמיהען צוּ מאַכען צייכענעס, כּדי לייכטער צוּ מאַכען

דאָס פערשטענדיגען צווישען זיך—קריכען מיר קיינ־מאָל נישט אַרויס פון דער אייגענער הויט. מיר זענען שטענדיג אַליין. אַרום יעדען איינציגען פון אונז ציהט זיך אַ מדבר. די מדבר וואָס טיילט אָפּ איין ווירקליכ־קייט פון די צווייטע. אין דער דאָזיגער מדבר זענען מיר ווי רופער אין אַ הוילקייט. ווער הערט דען דעם אָרימען מענשען אין דער גרויזאַמער וויסטעניש וואָס נעהמט אַרום זיין בעוואוסטזיין?

גור אַזאַ פילוסטער ווי אַריסטאָטעלעס האָט געקענט זאָגען, אַז דער מענש איז אַ געזעלשאַפטליך בעל־חי. דער מענש איז דאָס איינזאַמסטע בעשעפעניש וואָס האָט וועון עס איז עקזיסטירט. אַך, ווי איינזאַם עס איז דער מענש אין דעם אונענדליכען דאָזיין! דאָס מענשליכע געפיהל איז אַ יתום אין דעם שפּיל פון די וועלטען. עס איז אַ יתום אין דעם צופאַל. הערט אונז דען עמעצער אַ חוץ דאָס אייגענע טיפע אינערליכע געהער? פיהלט אונז דען עמעצער אַ חוץ אונזער אייגענער וועה?

ווען מענשען בכלל שטעהען ווי איינזאַמע ספינקסען אין דער וועלט, ווי זשע נאָך דאַן, ווען ס'קומען אַריין שינויים אין דעם בעשטאַנד פון די עלעמענטען, פון וועלכע דאָס ערדישע לעבען איז צוזאַמענגעזעצט! דאַן, איהר געזונטע, זענען מיר גלייך ווי איינוואוינער פון צוויי פּלאַנעטען. מיר האָבען גאַנץ אַנדערע געפיהלען

ווי איהר, גאַנץ אַנדערע בעגריפען. יאָ. גאַנץ אַנדערע נשמות. געוויס האָבען מיר אונזער שורש אין אייערע עלעמענטען, איהר געזונטע. מיר קומען פון זיי און מיר געדענקען נאָך די צייט ווען דאָס גלייכגעוויכט פון אונזער סובסטאַנץ איז, לויט דער פּאָזיטיווער ערפאַה־רונג און לויט די רעלאַטיווע השגות פון מענשליכען געהירן, גלייך געווען צו דעם גלייכגעוויכט פון אייער סובסטאַנץ. צו יענע צייטען—ווען מיר זענען נאָך גע־ווען צווישען אייך—רייסען זיך ס'רוב פון אונז איבער קליינליכקייט און איבער חסרון פון קיהלער פילאָזאָפי־שער בעטראַכטונג, ווי צו אַ פערלוירענעם גן עדן (נישט אַלע פון אונז געפינען רוה אין די טרייסטונגען פון דער פילאָזאָפיע). יענע צייטען—רופען אָט די קליינלי־כע—צייטען פון גליק, פון פרייד און מיט נאָך אַזעלכענע נעמען פון אַ האָפנונגסלאָזער בענקשאַפט. איך ווייס, איהר געזונטע, אַז די ווערטער גליק און פרייד זענען אייך פרעמד פונקט אַזוי ווי אונז. אין די כלומרש'טע הארמאָניע פון אייער מאַטעריע זענט איהר נישט ווייני־גער טרויעריג און אומגליקליך ווי די אונפילאָזאָפישע צווישען אונז. אָבער נישט אַלע פערשטעהען ווי אייך איז פוסט און לאַנגווייליג אין אייער געזונדקייט. (לויט די ציפערן פון דער סטאַטיסטיק טרעפען זיך ביי אייך מעהר פאַלען פון זעלבסט־מאָרד ווי ביי אונז.) אַך, דער קבר. אפשר בענקט איהר צום קבר מעהר ווי מיר. אָט

דעם דאָזיגען סוד ווייסען זעהר וועניגע פון אונז. דער רוב איז אייך מקנא. מקנא מיט שוים אויף די לעפצען. ווי קליין איז די צאָהל פון די, וואָס האָבען זיך איינ־געלעבט אין די קלוגשאַפטען פון דער פילאָזאָפיע, קענען רעזיגניר'ען און גיבען זיך גוטוויליג אונטער דעם שיכזאל. דעם בלינדען שיקזאל פון די אַטאָמען.

אויך מיר קראַנקע—ווי בכלל אַלצדינג וואָס לעבט—ליידען אויף אַ מאַנגעל אין פילאָזאָפיע. דאָס איז אונ־זער טראַגעדיע, די גרויסע טראַגעדיע פון אונזער מצב. דאָרטען וואו מ'קאָן נישט זיין קיין קאַלטער צושויער, מוז מען זיין אַ טראַגישער מיטשפּילער. די וועלט איז אַ טעאַטער, האָט שוין איבריגענס געזאָגט שעקספּיר. די איינציגע וואָס זענען בעפרייט פון דעם אונליבען גורל צו זיין קאָמעדיאַנטען, זענען מיר—די פילאָזאָפען. מיר האָפען נישט. מיר חלומ'ען נישט. מיר טרינקען דאָס נישטיגקייט ווי נעקטאַר. מיר זיצען פון דער וויי־טען און קוקען צו. מיר הילען זיך איין אין אונזערע ליידען ווי די פערצייטיגע סטאָאיקער אין זייערע טאָגעס. מיר שמייכלען. אָך, מיר שמייכלען. מיר קוקען נאָר צו ווי עס ראַנגלען זיך די געטער.

איך—דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות—בין אַ קראַנקער. אַ טובערקולאָז־קראַנקער. די לונגען אין מיר זענען צופרעסען פון אייטער. לויט די כללים פון דער

מעדיצין פערגיפטעט מיך די טובערקעל=באַצילען מיט זייערע טאָקסינען. איך דאַר איין. כ'האָב פיבער. איך הוסט מיט בלוט. שוין לאַנג ווי איך האָב פערלאָזען די שטאָדט, דאָס לעבען דאָרט, די מענשען די געזונטע. די לופט אין דער שטאָדט וואָלט נאָר צוגעאיילט דעם נאַטירליכען פּראָצעס וואָס קומט פאָר אין די געוועבען פון מיין אָרגאַניזם. די דאָקטוירים האָבען מיך אַרויסגע=שיקט פון דער שטאָדט, ווי מ'שיקט איינעם אַרויס פון אַ גיפטיגען זומפּ. דאָס וואָס עס איז פאַר די נישט=שווינדזיכטיגע אַבסאָלוט נאָרמאַל, אַ לעבען צווישען מויערען מיט שטויב און רויך, איז פאַר אונז אונמעגליך צו עקזיסטירען. (מיר געהערען צו צוויי פערשידענע סובסטאַנצען.) איך בין אַהערגעקומען אין כאַנאַטאָריום בשום אופן נישט איבער קליינליכען פּחד פאַר די איי=זערנע געזעצען פון דער ענטוויקלונג. אויך נישט דער=פאַר, ווייל כ'האָב מורא צו קוקען אין די אויגען אַריין דעם דאָזיגען גורל וואָס ס'איז מיר באַשערט. איך וויל נאָר נישט מיט מיין זיין אין שלעכטע לופט צואיילען אַ נאַטירליכען פּראָצעס מיט אויסערליכע מיטלען. מיט מיין היילען זיך בין איך כלל נישט אויסען צו שטערען דעם שיקזאַל פון די אַטאָמען. איך ווייס ווי דאָס וואָלט געוועזן נאַריש און ווי שוואַך מיר זענען קעגען די לוינען פון שיקזאַל, אַ קעגען וועלכען זאָגאַר די געטער זענען אָהנמעכטיג. איך הייל מיך, ווייל כ'בין אַ פילאָ=

זאָף. איך בין אַ צושויער. איך בין דער צושויער פון מיין אייגענעם ווערען.

אונזער סאַנאַטאָריום איז אין לעיזען. לעיזען איז אַ נעסט הויך ערגעץ אויף אַ באַרג אין דער שווייץ. דער יחוס פון לעיזען איז, ווייל ס'איז געשיצט פון די קאַלטע צפון-ווינדטען. עס איז אַ באַרג פון וועלכען ס'איז פערהאַן זעהר ווייניג אויסבליק. פון מיין פענסטער זעהט זיך אַ שטיק פון אַ טאָל, נישט קיין סך הימעל, און נעבעל. זעהר אָפט נעבעל. אָפּגעשלאָסען פון דער גרויסער וועלט מיט וויסטע אַלפּען געפין איך מיך ווי אין אַנ'אַזיל, אין אַנ'עיר-מקלט. אין דעם דאָזיגען פערשאָלטענעם שטעדטעל אַריין האָבען מיר זיך פערקליבען ווי געפעהרליכע מצורעים. מיר לונגען-קראַנקע פון פערשידענע עקען וועלט. מיר היילען זיך דאָ אין אונזער נייער היים. אונזער שווינדזיכטיגע היים. מיר וואַרטען דאָ אָפּ אונזער גורל. (מיר ווייסען אַז דער טויט הויכט הינטער אונזערע פענסטער.) מיר זעגען דאָ צווישען זיך, מיר קראַנקע, אויף דעם דאָזיגען פערוואָרפענעם עזעזאל-שפּיץ אין מיטען אין די אַלפּען.

גאַנצענע טעג ליגען מיר אָפּ אויף די וואַרענדעס פון די סאַנאַטאָריום'ס. מיר ליגען אויף פעלד-בעטען, צוגעדעקט מיט וואַרעמע טיכער. מיט אונזערע צולעכערטע לונגען אָטעמען מיר זון. מיר קוקען אויף די שוואַרצע

בערג וואָס רינגלען אונז אַרום, אויף דעם שטיק טאָל וואָס ליגט צווישען די בערג. מיר זעהען ווייטע גרינע לאָנקעס וואָס זענען בעפלאָסען מיט גאָלדיג ליכט. (דאָרט אויף יענע לאָנקעס איז פערהאַן אַ ווייט דערפעל מיט געזונטע שווייצאַרישע פּויערים.) טיילמאָל שווי־מען אָן פון ערגעץ־וואו הינטער די בערג גאַנצע ימים נעבעל. דער נעבעל פערדעקט דעם טאָל ווי אַ גראָ־הער זעע.

— דאָס זענען גרוסען פון דער גרויסער וועלט, אָט יענע נעבלען — רופט זיך נישט איינמאָל אָן איינער פון אונז און זיפצט אָפּ.

— דאָרט גאָר נישט ווייט הינטער די בערג ליגט גענף. דאָס ליכטיגע גענף. אַך! גענפס שפּיל־זאַלען, טאַנץ־זאַלען. גענפער קורטיזאַנעס.

אַזעלכענע אויסרופען הערט מען אָפט פון די יעניגע קראַנקע וואָס לעבען נאָך זייערע לעצטע טעג. עס וועקט זיך ביי זיי דער לעצטער חלום. אַ שטראַהל פון גליק וואָס בליצט אויף אין די נשמות פון טו־בערקולאָזע בעת עס שלאָגט זיי די לעצטע שעה. דער טויט קוקט עוין אַרויס פון זייערע אויסגעלאָשענע אויגען. מאָרגען אָדער איבערמאָרגען, ווען מיר וועלען קומען צום מיטאָג, וועט זייער פּלאַץ ביים טיש זיין לעער. די קראַנקע ביים טיש וועלען זיך בשעת מעשה מורא האָבען איבערצוקוקען. אַ יעדער ווייסט דעם סוד

פון וועלכען מ'טאָר נישט ריידען, דעם סוד. וואָס מאַכט זיי אַלעמען פול און זיי היטען זיך מיט איהם איינער פאַרן אַנדערן.

דער סוד פון טויט וואָס איז די צווייטע נשמה ביי נ'א שווינדזיכטיגען.

געוויס איז דאָס דאָזיגע געפיהל פון פּחד און אַנגסט־ליכקייט אַ געפיהל וואָס בעהערשט כמעט אַלע. ס'רוב. מענשען וואָס שטעהען מיט איין פוס אין קבר דרעהען אַוועק דעם קאָפּ ווען זיי זעהען אַ לְוָיָה. קראַנקע אָרי־מע מענשען! זיי מיינען אַז ווען מען טראַכט נישט וועגען שיקזאַל, קומט ער נישט אָן. דער שיקזאַל איז אַ מוז. דער שיקזאַל איז אַ געזעץ. מיר פילאָזאָפען לעבען אונטער דעם שיקזאַל ווי אונטער אַ היילגטום פון אַ גאָט.

אויך פיינשטיין איז אַ פילאָזאָף.

פיינשטיין איז אַ בלייכער יודישער יונגערמאַן פון רוס־לאַנד. ער איז שוין זינט יאָהרען דאָ אין סאַנאַטאָריום־ווייסט גאָט ווי לאַנג ער איז שוין טובערקולאָז. מ'זעהט ווי די קראַנקהייט נאָגט איהם אויס טאָג־טעגליך. זיין פּנים איז איבערגעצויגען מיט הויט ווי מיט אַלט־געלען פּאַרמעט. ער האָט אַ לאַנגע אויסגעשפּיצטע נאָז, אַ פּאָר שוואַרצע ברענעדיגע אויגען, אַ דאַרע איינגעפאַלענע ברוסט, אין וועלכער ס'באָמלען זיך נאָך אינעווייניג

אַ פּאָר קראַנקע צופרעסענע לונגען. דער דאָזיגער פיינשטיין לעבט דאָ צווישען אונז ווי אַ מענש פון יענער וועלט. דער דאָקטאָר זעלבער וואונדערט זיך ווי פיינשטיין האַלט עס נאָך אַזוי לאַנג אויס. וויפיל מאָל טרעפט עס זיך ווען פיינשטיין בעווייזט זיך אין דער פריה נישט אויף דער וואַרענדע, אַלע קראַנקע אויף די פעלד-בעטלעך קוקען זיך שטום איבער און שווייגען. יענץ געהיימנישפולע שווייגען וואָס קומט דאַן, ווען מיר ווייסען אַז דער טויט איז געווען צווישען אונז.

— „די דאָזיגע נאַכט איז עס געשעהן", ציטערט אַ יע-דען אַדורך דער שוידערליכער געדאַנק. „דער סוד איז שוין ווידער געווען צווישען אונזערע מויערען. איך האָב אַליין געהערט ווי מ'האָט אין דער נאַכט צו-געהאַקט אַ פענסטער" (דאָס ווערט שטענדיג געטון— ווען איינער פון אונזערע שטאַרבט אָפּ—כדי מ'זאָל נישט הערען קיין קול אָדער אַ געוויין פון אַ נאָהנטען). מ'האָט איהם מן הסתּם ביינאַכט בגנבה אַרויסגעטראָ-גען ווי אַ געפּגר'טע קאַץ. איצטער ליגט ער ערגעץ הינטער דער שטאָדט אין אַ מתים-שטיבל. פיינשטיין. דער געשטאָרבענער פיינשטיין.

דער שיקזאַל וואַרט אונז אָפּ. אונז אַלע. ער האָט זיך ווידער אַ דורכגעשלייכט הינטער אונזערע פענסטער. ווי אַ געשפּענסט קוקט ער צו אונז אַריין בעת מיר

שלאָפען אויף אונזערע געלעגערס און טרוימען די חלומות פון אַ פערשפּילט לעבען.

פיינשטיין האָט זיך אָבער דאָך בעוויזען אויף דער וואַרענדע. ער לעבט נאָך. דערווייל לעבט ער נאָך, דער טויט־קראַנקער פיינשטיין. אַ ציטער געהט אַ דורך די קראַנקע אויף די פעלד־בעטלעך. צי זענען זיי צו־פרידען וואָס דער טויט (אָ יענע געהיימנישפולע וואָרט!) איז נישט דאָ געווען; צי פערדריסט זיי וואָס ער פּלאָנ־טערט זיך ווידער דאָ, אָט אָ דער לעבעדיגער מת, וואָס דערמאָנט זיי יעדע מינוט אָן קבר? יעדען טאָג לעבען זיי אין אַנגסטליכער ערוואַרטונג: ווער ווייס צי היינט ביינאַכט וועט מען נישט הערען ווי עס האַקט זיך צו אַ פענסטער און פיינשטיין וועט אָפּשטאַרבען.

פיינשטיין איז געווען אַ סימבאָל פאַר זיי אַלע.

פיינשטיין קומט אויף דער וואַרענדע. מ'הערט ווי ס'פייפט איהם אין דער ברוסט. ער זאָגט „גוט מאָרגען" מיט זיין אייביגען שמייכעל. אַנ'אייביג קיהלער שמיי־כעל אויף דעם קראַנקען פערוויאַניעטען פנים. ער לייגט זיך אויף זיין בעטעל און... שווייגט.

ווען איך—דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות—בין אַהערגעקומען אין דעם דאָזיגען קראַנקען־קלויסטער אויף א י י ב י ג (איך ווייס עס גאַנץ גוט, אַז איך וועל שוין נישט אַראָפּפאָהרען אַ לעבעדיגער פון לעיזען. אין אַ געוויסער נאַכט וועט אויך דאָס פענסטער פון

מיין צימער ווערען פערהאַקט. מיין טויטען גוף וועט מען אַ שעה נאָכן שטאַרבען אַרויסטראָגען בסוד אין אַ קאַסטען), איז פיינשטיין דאָ געווען פון אַ לאַנגע צייט. שוין דאַמאָלס האָבען אַלע געוואוסט אַז זיינע שעה׳ן זענען געצעהלטע. און מאָרגען? ווער ווייסט צי מאָרגען ווערט פיינשטיין נאָך דאָ זיין. די קראַנקע האָבען אויף איהם געקוקט מיט אַ בעהאַלטענעם כעס; פאַר וואָס שטאַרבט ער שוין נישט אַ מאָל אָפּ, פיינשטיין. ער געהט אַרום ווי אַ טויטער פון קבר און דערמאָהנט אונז אונזער אינטימסטען געדאַנק. פיינשטיין זעלבער רעדט וועגען זיך ווי וועגען אַ מענש וואָס נאָר דורך אַ פשוט׳ען צופאַל דרעהט ער זיך נאָך דאָ אַרום אין סאַנאַטאָריום, מעסט זיך די טעמפּעראַטור און ליגט אויף דער וואַרענדע.

אַך, פיינשטיין, דו ביסט אַ שאָטען, דער שאָטען פון אונזער אַלעמענס שיקזאַל.

אָט אָ דער פיינשטיין איז מיין חבר.

אַנ׳אידעאַלע פריינדשאַפט. איך ווייס קוים ווי צו רעדען וועגען אַ פריינדשאַפט פון צוויי אינדיווידיאומס וואָס זייערע קערפּערס האַלטען ביים צולייגט ווערען. פריינדשאַפט איז אַ גייסטיגער סינטעז. מיר זענען דאָך פון די דאָזיגע וואָס זייערע עלעמענטען ווערען איינציגווייז אויפגעלעזט. מיט יעדען טאָג ווערען מיר

נעהנטער צו יענעם גרויזאַמען איקס וואָס שטעהט הינטער דעם גרויסען לעבען. אָ, לעבען! דיינע האָפנונגען און חלומות! באַלד זענען מיר ביי דער בריק — די אונבעקאַנטע בריק וועלכע מ׳געהט אַריבער — מיר וועלען פערשוואונדען ווי אַ פינטעלע פון צובלאָזענע אַטאָמען. מיר וועלען אָפּשטאַרבען. איצטער פאַר דעם אָפּגרונד פון אַ גאָרנישט גיבען מיר זיך אונזערע טויטע הענד. מיר צוויי מתים. מיר זענען פריינד, מיר זענען פריינד. דער בעכער פון טרייסטלאָזיגקייט איז דער כוס פון אונזער פריינדשאַפט.

אַך, פיינשטיין, דו ליבער. לאָמיר איהם טרונקען דעם דאָזיגען גיפט־בעכער פון אַ נאַריש לעבען. צי האָבען מיר דעןליידענשאַפטען, מיר פילאָזאָפען?

אונזערע פעלד־בעטלעך שטעהען נעבען אנאַנדער, אין זיי ליגען מיר אָפּ גאַנצענע טעג אַקעגען די שוואַרצע בערג וואָס רינגלען אַרום לעיזען. טייל מאָל שווייגען מיר אַדורך די טעג און מיר ריידען נישט צווישען זיך קיין וואָרט. פיינשטיין לייענט דאַן זיינע ביכער: עפּיקטעט, די זעלבסט־בעטראַכטונגען פון מאַרק אַאורעל און אַנדערע ווערק פון די אַנטיקע סטאָאיקער. דער דאָזיגער מֵת אויפן פעלד־בעטל מאַכט דאַן פול זיין מידען געהירן מיט געדאַנקען וועגען דעם נישטיגקייט פון דער וועלט. דער קיהלער שמייכעל אויף זיין געל פנים בעווייזט

מיר ווי גוט ער פיהלט זיך אין דעם דאָזיגען בלוט־לאָזען ביטול. אָ, געטליכע איראָניע! אָט ליגען מיר דאָ, צוויי האַלב־טויטע פילאָזאָפען, צווישען אַ געזעלשאַפט וואָס שטעהט שוין ביים ברעג פון קֶבֶר. אַ געזעלשאַפט פון צופרעסענע פערסמ׳טע גופים אין וועלכע ס׳טליען נאָך רעשטלעך פון אויסזיכטסלאָזע האָפנונגען, חלומות און ליידענשאַפטען. ליידענשאַפטען פון קראַנקע ציני־קער. ווער ווייסט וואָס עס טוט זיך דאָרט אין די געבליטען וועלכע הויכען שוין מיט קברים־דופט. מיר צוויי סטאָאישע פילאָזאָפען, מיר לעבען אונטער צעהנד־ליגער אויסגעלאָשענע אויגען וואָס קוקען מיט אַ כעס׳יגע תביעה אַהין צו דעם שפיל פון די עקזיסטענצען. (זיי מאָהנען עפעס פון אַ וועלט וואָס ס׳איז אַ גרויסער ספק צי זי עקזיסטירט גאָר בכלל). מיר לעבען דאָ צווישען די דאָזיגע שווינדזיכטיגע מענשען מיט אַ קעניגליכער רוהיגקייט. מיר ליגען דאָ אויף אונזערע פעלד־בעטלעך ווי די געטער אויף אָנ׳אָלימפּ. מיר בעשמייכלען אונ־זערע ליידענשאַפטען. מיר טרוימען דעם חלום פון אַ גרויסער נישטיגקייט. מיר זענען אַלצדינג מבטל.

— פיינשטיין,—רוף איך מיך אַ מאָל אָן צו מיין שווינד־זיכטיגען פילאָזאָף,—איהר זענט קיינמאָל נישט מקנא־יענע וועלט דאָרט, הינטער די בערג פון לעיזען? איך ווייס, אַז הינטער אייער קישען צוזאַמען מיטן טערמאָ־

מעטר וועלכער ווייזט אייך עטליכע מאָל אין טאָג דעם מצב פון אייער קראַנקהייט—ליגט אויך דער וידוי פון דעם גרויסען סטאָאיקער אויפן טראָן פון די רוי־מישע צעזאַרען. איך ווייס אַז דער דאָזיגער צעזאַר, אייער לעהרער, האָט געטראָגען דעם פורפור, ווי אַ בעט־לער זיינע שמאַטעס. דער דאָזיגער צעזאַר בראש פון זיגרייכע לעגיאָנען האָט ער פערשטאַנען דאָס נישטיג־קייט פון מענשליכען רוהם. אין די אָרעמעס פון די שענסטע רוימישע פרויען האָט ער געוואוסט אַז דאָס פלייש איז פאַרגענגליך. דאָך אָבער, פיינשטיין, מיר פעראַכטען אַ וועלט, ווייל מיר ווייסען אַז זי איז געבויט אויף די יסודות פון אַ גאָרנישט און מיר לעבען זיך איין אין יענע פילאָזאָפען־וועלט פון דער אַנטיקע. גלויבט איהר נישט אַ מאָל, אַז אויך מיר זענען נישט ווייניגער בעלי־חלומות ווי יענע דאָרט אונטען, אין די טאָלען. זיי בערוישען זיך כאָטש מיט דעם זיסען האַשיש פון אַ פאַלשער נישטיגקייט. זיי זענען ווי שכורים אויף אַ קייזערליכער מאָהלצייט. זיי צירען זיך מיט פורפור אויף אַ וועג צו נ'אַ תליה. מיר אָבער שטעהען פון דער־ווייטענס. ווי ניכטערע. וואָס האָבען מיר פון אונזער ניכטערקייט? טיילמאָל האָב איך ווירקליך חרטה וואָס איך האָב מיך איינגעלעבט אין די געטליכע וואָהר־הייטען פון דער פילאָזאָפיע. בעסער וואָלט איך אויך אַ מאָל אַ זיפּ געטון פון דעם דאָזיגען פאַלשען בעכער

פון לעבען און וואָלט מיינע אויסגעדאַרטע הענד אויס־
געשטרעקט צו דעם כלומר'שטען זיין.

פיינשטיין טוט אַ הוילען הוסט, שפּייט אויס אין
זיין שפּיי־פלעשעל אַריין אַ שטיק בלוט און רופט
זיך אָן צו מיר מיט אַ שטילער כאָרכעלדיגער
שטימע:

— הגם איך קאָן נישט פערלייקענען אייערע
קענטעניישען אין די ספרים פון יענער הימלישער
חכמה; די געדאַנקען וואָס איהר זאָגט טיילמאָל
אַרויס בעווייזען מיר, אַז אין אייך איז אויפגעגאַנגען
דאָס בעוואוסטזיין פון די אַלטע פילאָזאָפען, מוז איך
דאָך לויט אייערע איצטיגע ווערטער פעסטשטעלען,
אַז אין די נשמה אייערע איז איבערגעבליבען אַ
קליין ביסעל שטויב פון דעם נישטיגען פּלאַנעט,
אויף וועלכען דער צופאַל האָט אונז בעזעצט. מעגליך,
אייערע לונגען זענען נאָך נישט צופוילט אַזוי ווי
מיינע, און אָט דאָס טראָפּעלע מעהר פון געזונטקייט
בינדט אייך נאָך צו מיט אַ שוואַכען פאָדים צו די
האָפענונגסלאָזע האָפענונגען פון לעבען. ווי זאָגט
איהר: צייטענווייז שטרעקט איהר נאָך אויס אייערע
שוואַכע אויסגעטריקענטע הענד צו יענע טרייסט־
לאָזע כימערעס. אַזאַ מענש ווי איך אָבער, וואָס לויט
אַלע געזעצען געהער איך שוין מעהר נישט צום
לעבען, בלויז אַנ'אונבעקאַנטער כח האַלט מיך נאָך

אויף און לאָזט מיך נישט פערשוואונדען אין די תהומות פון דעם געהיימנישפולען—צווישען אזא מענש—איהר ליבער—און צווישען די אבסאָלוטע אמת'ען הינטערן צופאל, איז שוין מעהר גאָר נישט פערהאַן וואָס זאָל שטעהן ווי אַ מחיצה און נישט לאָזען זעהען זייער גרויזאַמען אָבער געטליכען תוך. מיר וואָס זענען שוין אינגאַנצען צופוילט און אונזערע בעשטאַנד-עלעמענטען זענען צוריקגעגאַנגען צו זייער שורש, מיר שטעהען אויג אויף אויג מיט דעם גרויסען אמת וואָס שטעהט הינטער די ערשיינונגען. אונז—די ווירקליך זעהענדי-גע—צי זאָל נאָך דען לאָקען דאָס טרויעריגע נאַראָנים-שפיל וואָס ווערט געפיהרט מיט די עקזיסטענצען? ניין. אויף אַן'אָפגרונד טאַנצען מיר נישט מיט דעם קאָמעד-יאַנטען-טאַנץ פון לעבען. מיר פילאָזאָפען. מיר לאָזען זיך נישט פערפיהרען פון בענקשאַפטען, ווייל מיר ווייסען אַז זיי ווערען קיינמאָל נישט מקוים. אויך פער-נאַרען אונז נישט די ליידענשאַפטען. מיר ווייסען אַז די ליידענשאַפט איז אַ האָפנונג פון אַ פלייש-מאַסע וואָס געהער אייגענטליך צו די ווערים אין קבר. AVE דו געטליכע פילאָזאָפיע, די צום שטאַרבען-געהענדיגע גרוסען דיך!

פיינשטיין בלייבט ליגען אָהן אָטעם נאָך אַזאַ לאַנגען רעדען. ער סאָפּעט אַ בעגאָסענער מיט שוויס. אין די ברוסט ביי איהם כאָרכעלט עס מוראָ'דיג. עזעזאל'דיג.

לעיזען! דו לעבעדיג בית=הקברות פון שווינדזיכטיגע
מענשען! קוק! א סקעלעט פון אַ סטאָאיקער בעגריסט
פון אַ פעלד=בעטל אראָפּ—די פילאָזאָפיע, די טאָכטער
פון די געטער.

O Comedia Divina

אין דער מאָנאָטאָנער לאַנגווייליגקייט פון אונזער סאַ־
נאַטאָריום איז פאָרגעקומען אַ וויכטיג געשעהעניש.
אַלע קראַנקע רעדען דערפון. זאָגאַר די דאָזיגע וואָס
האָבען שוין מעהר נישט קיין קראַפט צו פערלאָזען
זייערע בעטען, זענען ווי געלע שאָטענעס געקומען
אַרויסצוקריכען אויף דער וואַרענדע, כדי אָנטייל צו
נעהמען אין די געשפּרעכען.

מיר האָבען געהאַט אַ טויטען!

דער לעזער וועט זיך וואונדערן: אַ טויטען? אין
אַ סאַנאַטאָריום פון שווינדזיכטיגע רעדט מען אַזוי
אָפען וועגען אַ טויטען?

יאָ. דער דאָזיגער בעקאַנטער אונזערער, וואָס פלעגט
מיט אונז צוזאַמען זיצען ביים טיש און צוזאַמען ליגען
אויף דער וואַרענדע, ער איז נישט געשטאָרבען בסוד
מיט דעם שרעקליכען און שטילען טויט ערגעץ הינ־

טער אַלעמענס פּלייצעס ווי אַ שאַנד, ווי אונזער אַלע־מענס שאַנד. ביי זיין שטאַרבען האָט מען נישט צו־געהאַקט קיין פענסטער און איהם אויך נישט ביינאַכט אַרויסגעטראָגען, ווען אַלע זענען געשלאָפען. דער טוי־טער, דער בעקאַנטער אונזערער האָט זיך אין אַ גענ־פּער האָטעל געשאָסען אַ קויל אין קאָפּ אַריין. ער איז בעגאַנגען זעלבסט־מאָרד.

די סיבה? אין דער קאָמפּליצירטער נעץ פון קויזאַליטעט אין וועלכע דאָס לעבען, יאָ די וועלט, פּלאָנטערט זיך אַרום ווי אַ געפּאַנגען אונגעהויער, איז אייגענטליך שווער צו געפונען דאָס ערשטע פעדעמיל, אויף וועל־כען אונזער טאַט איז אויפגעצויגען ווי אַ ליאַלקע אין אַ מאַריאָנעטען־שפּיל. מיר האָבען די געוואוינהייט שטענדיג אָנצווייזען אויף די סאַמע גרעבסטע און לגמרי נישט וועזענטליכע אורזאַך. ביי דעם דאָזיגען (צווישען קראַנקע!) אויסערגעוועהנליכען טויט־פאַל וויל איך נאָר אָנווייזען אויף דעם וואָס אַלע ווייזען אָן. די־סיבה נעמליך איז געווען—אַ פרוי.

דער שווינדזיכטיגער בערג איז נישט געשטאָרבען פון שווינדזוכט. ער איז געשטאָרבען צוליב אַ פרוי.

און נאָך אויף וואָסער ראָמאַנטישען אופן.

מ׳קאָן זיך קוים פאָרשטעלען דעם אויסערגעוועהנליכען רושם וואָס דער דאָזיגער פאַקט האָט צווישען אונז

אָנגעמאַכט. אין אונזער סאַנאַטאָריום איז איצט זעהר לעבהאַפט. מ'קאָן זאָגען אַ מאָדנע און נערוועזע לעבּ־האַפטיגקייט. ס'איז כמעט ווי איבערגעריסען די סאַ־נאַטאָריום־דיסציפּלין. די קראַנקע הערען נישט אויף צו רעדען. ביים מיטאָג און פון די פעלד־בעטלעך אַראָפּ האָבען מיר נאָר איין טעמאַ: בערג.

בערג איז דער העלד פון טאָג נישט בלויז אין אונזער סאַנאַטאָריום, וואו מיר האָבען איהם אַלע גוט געקענט. דוכט זיך, ערשט נעכטען איז ער דאָ געלעגען צווישען אונז אויף דער וואַרענדע. דאָס גאַנצע לעיזען—אויף וויפיל מ'קאָן וויסען פון אַנדערע סאַנאַטאָריומס—איז פול פון איהם. דער פאַל בערג קלינגט אין דער אמת'ן מאָדנע געהיימנישפול. וואָס איז עס! אַ פשוטער זעלבסט־מאָרד? ניין. ס'איז אַנ'אָוואַנטוריער. אַ ליבע־אָוואַנטוריער צי אַ ליבע־פערברעכען אויף דעם עזעאל־באַרג לעיזען.

און ווער איז דער העלד פון דעם אָוואַנטוריער?

בערג.

דוכט זיך, אַ שטיל מענשעל. שווער־קראַנק. נאַיִוו נאָך געגלויבט, אַז די מעדיצין וועט איהם העלפען. ווי אַ הילפלאָז קינד געקוקט דעם דאָקטאָר אין די אויגען אַריין און מיט שטומער בקשה געשנאָרעט פון איהם לעבען. (בערג איז אויך געוועזען פון רוסלאַנד. זעהר זעלטען האָט ער פון דאָרט בעקומען אַ בריף פון זיין

מוטער.) אָט אָ דאָס קליינע בלייכע מענשעל—וואָס איז שטענדיג ארומגעגאַנגען ווי אַ געטרעטענער און אונ־בעהאָלפען געשוויגען—ער איז בעגאַנגען יענע אָוועג־טויערליכע טאַט. אויף אַ געהיימנישפולען אופן—איבער אַ פרוי—זיך געשאָסען אַ קויל אין קאָפּ אַריין. בערג, וואָס האָט אייגענטליך בעדאַרפט ווי יעדער איינציגער פון אונז אַוועקצושטאַרבען בסוד, אַרויסצופערשווינ־דען פון אונזער מחנה ווי אַ בלעזעל אויפן וואַסער, ער—דוקא ער—האָט מיט זיין טויט געלאָזט פון זיך רעדען! נישט איינער פון אונז ליגט אויף זיין געלעגער און טראַכט מיט קנאה: אָט איז ער איצטער אַ טויטער, אָט אָ דער בערג, און מ'קאָן דערוועגען אָפען אַזוי רעדען. קיינער פיהלט זיך נישט געטראָפען.

די קראַנקע ליגען אויף די פעלד־בעטלעך אויסגעדרעהט איינער צום אַנדערען מיטן פנים און רעדען וועגען בערג'ן:

— שטילע וואַסערלעך גראָבען טיף,—רופט זיך אָן גאָלדמאַן, אַ קראַנקער פון וואַרשע,—איך האָב שטענ־דיג געוואוסט אַז אָט אָ דער בחור איז נישט אַזאַ נאַיווער.

שולצע, אַ פּאַציענט פון דייטשלאַנד, טוט זיך אַ דרעה ביי דער וואַנסע און זאָגט מיט אַ געוויסען שטאָלץ:

— בערג האָט געהאַט אַן'אונהיילבאַרע געשלעכטס־קראַנקהייט. סיפילים. זיי ענדיגען אַלע אַזוי.

— צי איז זי געווען זיינע אַ געליבטע? אָדער ס'איז

אַ פּשוט'ע קרימינאַל־געשיכטע? ווער איז דען אייגענט־ליך די דאָזיגע פרוי?

— אָט דאָס איז דאָס גאַנצע פּיקאַנטע. מ'קאָן נישט דערגעהן דעם אמת.

די געשפּרעכן פיהרען זיך קורצע, אָפּגעהאַקטע. הינ־טער יעדען זאַץ פיהלט זיך אַרויס, אַז די דאָזיגע קראַנקע רעדען מיט קנאה.

עס טרעט איין אַ שטילע אונהיימליכע פּויזע.

גאָלדמאַן האַקט איבער דאָס שווייגען: איך האָב האָלד אַנ'אומגליקליכע ליבע. לאָמיר איהם אָפּגעבען דעם לעצטען כבוד... איך שלאָג פאָר, מיינע הערען, איך שלאָג פאָר, מיר זאָלען אַלע געמיינזאַם לייגען אַ קראַנץ אויף זיין ארון. אַלע בעקאַנטע אונזערע. דאָס סאַנאַ־טאָריום.

צווישען די קראַנקע ווערט לעבעדיגער. דער פאָר־שלאַג געפעלט.

גאָלדמאַן נעהמט אַפּער פון אונטער זיין קישען אַ בויגען בריף־פּאַפּיר און אַ בליי־פעדער.

— ווער עס גיט צושטייער אויף אַ קראַנץ לכבוד בערג'ן, זאָל זאָגען—רופט ער אויס.

פון אַלע פעלד־בעטלעך אַראָפּ הערען זיך נעמען און סכומים.

אויף דער וואַרענדע אַרויף קומט אָן פיינשטיין. ער זעהט היינט בעזונדערס שלעכט אויס. דאָס קנאָכעריגע

אויסגעצויגענע פנים זיינס איז אַזש שוואַרץ פאַר געל־קייט. די גרויסע שוואַרצע אויגען ברענען איהם אין פיבער. קוים ער געהט, מיט שוואַכע טריט, איינגעבוי־גען אויף אַ שטעקען. ער הוסט זעהר שטאַרק און קוקט אויס זעהר מיטגענומען פון דער קראַנקהייט.

גאָלדמאַן זעצט זיך־אויף אויף זיין פעלד־בעטל און רופט זיך אָן צו פיינשטיינ׳ען:

— גוט איהר זענט געקומען. דאָס סאַנאַטאָריום זאַ־מעלט אַ קראַנץ אויף אַנ׳ארון.

— אויף וועמעס ארון?

— וואָס הייסט אויף וועמעס? אויף בערג׳ס. ער האָט זיך דאָך דערשאָסען.

פיינשטיין קריכט קוים צו אויף זיין שטעקען צו גאָלד־מאַנ׳ס בעטל, ער נעהמט פון איהם דעם בויגען פאַפיר און קוקט אַ דורך די אויפגעשריבענע נעמען.

— אַ גליק וואָס בערג האָט זיך דערשאָסען און דאָס סאַנאַטאָריום שיקט איהם אַ קראַנץ. אַ קראַנץ אויף אַנ׳ארון פון אַ טויטען.

ער קריכט צוריק צו זיין פעלד־בעטל (נעבען דעם בעטל פון דעם שרייבער פון די דאָזיגע שורות) און זעצט זיך שווער דערויף אַנידער.

— איז עס טאַקי אמת, אַז אַלצדינג איז צוליב אַ פרוי?— רופט ער זיך אָן נאָך אַ קורצע פויזע מיט אַ שוואַכער כאַרכעלדיגער שטים. (ער ווענדט זיך צו מיר, צום

שרייבער פון די דאָזיגע שורות.) ער פערהוסט זיך שטאַרק און שפּייט אויס אַ שטיק בלוט אין זיין שפּיי־פלעשעל אריין.

— מ'זאָגט אַ ליבע. (דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות האָט ביז אַהער געשוויגען. ער האָט געהאַט זעהר אַ שלעכטע נאַכט. ער פיהלט זיך קוים ביי די כחות.) מ'זאָגט אַנ'אָווענטויער. ליבער פיינשטיין, איהר ווייסט דאָך, אַז ביי יעדען געשעהעניש שיינט אַלצדינג צו זיין אמת, אַ הויץ די אמת'ע אורזאַך. אַ פאַקט איז נאָר, אַז דער דאָזיגער בערג, דער העלד אונזערער, האָט געהאַט ווייניג אין זיך פון אַ פילאָזאָף. ער האָט געמאָהנט עפּעס פון דער וועלט און נישט דערהאַל־טענדיג עס, האָט ער געמאַכט מיט זיך אַ סוף. ער האָט קיין צייט נישט געהאַט. איך זעלבער בין נישט קיין אָנהענגער פון זעלבסט־מאָרד. פילאָזאָפען דאַרפען זיך פיהלען אינם לעבען ווי מאַטראָזען אויף אַנ'אונטער־געהענדיגער שיף. זיי מוזען וואַרטען ביז צום ענד.

פיינשטיין שמייכעלט זיך אויס מיט זיין קיהלען שמיי־כעל. ער האַלט זיך מיטביידע הענד אָן ביי זיין איינ־געפאַלענער ברוסט.

— איך בין מיט אייך מסכים, —כאָרכעלט ער אַרויס. איך וואַרט אויך.

אַ נייער קראַנקער קומט אָן אויף דער וואַרענדע.

— אַ נייעס! — פּאַלט ער אַריין אָהן אָטעם — אין קאַנ־צעלאַריע איז אָנגעקומען אַ דעפּעש פון דער דאַמע בערג׳ס. זי קומט אַהער קיין לעיזען.

אַלע קראַנקע שפּרינגען־אויף אויף זייערע פעלד־בעטלעך. זייערע אויגען צינדען זיך אָן ווי ביי חיות.

— וואָ־אָ — אָס? יענע געהיימנישפולע פרוי קומט אַהער קיין לעיזען? צו אונז אין סאַנאַטאָריום אַריין? בערג, בערג...

צווישען אַלע בעטלעך הויבט זיך אָן אַ לעבהאַפטע און אויפגערעגט געשפּרעך וועגען די סיבות פון דעם זעלבסט־מאָרד. איבערהויפּט איבער דער פּערזאָן פון יענער אונבעקאַנטער פרוי וואָס זאָל זיין דאָ פערמישט. ווער קען זי זיין? איז זי אַ דאַמע פון דער געזעלשאַפט? אַ קאָקאָטקע? אָדער גלאַט אַזוי אַ־סונקעלע פּערזענליכ־קייט? פרויען צוליב וועלכע מענער טייטען זיך האָבען שטענדיג אַ געהיימנישפולען רייץ. עטוואָס אויסטער־לישס, תאווה׳דיגס. נאָך דערצו פאַר מענשען וואָס האָ־בען שוין נישט קיין כח צו לעבען און זיי פאַנטאַזירען בלויז. איז עס טאַקע געווען אַ ליבע אָדער אַ פשוט׳ער שאַנטאַזש, אַ פערברעכערישער שאַנטאַזש?

עס הערען זיך פערשידענע מיינונגען. די בלייכע פנימ׳ער פון די דאָזיגע מענשען אויף די פעלד־בעטלעך — די מענשען פאַרן אונטערגאַנג — זיי רייטלען זיך מיט אַ קרענקליכער און צינישער רויטקייט. מען שמועסט ווע־

גען פרויען, וועגען אָוועגטויערליכע געהיימנישפולע פרויען, אפעטיטליכע בוזעמדיגע פרויען, וואָס פערפיהרען מיט זייער אונבעקאַנטקייט. מען שיסט זיך איבער ווי. די דאָזיגע צופרעסענע מענשען אין די טויט-קלויסטערס אויף דעם פערשאָלטענעם באַרג-שפיץ, זיי גליהען אין האָפנונגסלאָזע ליידענשאַפט.

פיינשטיין ליגט אויסגעדרעהט אויף זיין בעטל צו די בערג פון לעיזען. ער אָטעמט שווער מיט צוגעמאַכטע אויגען, ווי ער וואָלט נישט געהערט די לעצטע גע-שפרעכען. פלוצלינג, ווי מיט אַמאָל, ווענדט ער צוריק זיין אויסגעדאַרט פנים צו דעם בעטל פון דעם שריי-בער פון די דאָזיגע שורות.

— ליבער פריינד—זאָגט ער צו מיר—איך בין מיט אייך פולשטענדיג מסכים. די סיבה פון אַזא באַנאַלען שגעון ווי דער זעלבסט-מאָרד דאָ — הגם ס'איז בלי ספק א פרוי' דערין פערמישט—איז עס דאָך נישט געווען די ליבע. די ליבע איז אַ פאַנטאַזיע, פון וועלכע עס רעדען נאָר קראַנקע און דיכטער. גלויבט איהר טאַקע, אַז אין דער דאָזיגער נישטיגער וועלט איז דאָ ליבע?

— איך גלויב גאָר נישט, מיין ליבער פיינשטיין. איך גלויב אין מיר אַליין נישט. פילאָזאָפען גלויבען נאָר דאָס וואָס עס שטעהט אין די ביכער. מיר פערלייקע-נען אָבער אַלצדינג וואָס עס טוט זיך אין דער ווירק-ליכקייט. מיר פערלייקענען די וועלט.

אַ שטילער שמייכעל בעוויזט זיך אויף פיינשטיינ'ס טויטען פּנים.

— איהר פערלייקענט אויך די ליבע? ווען איך וואָלט מעהר כּח האָבען, וואָלט איך אייך פעסט געדריקט די האַנד. איהר גליקליכער! נאָר פערלייקענדיג די ליבע, קענען זיך די פילאָזאָפען דערהויבען צו דער אָביעקטיווער הויך פון אונבעטייליגטע בעשויער און אויך פערלייקענען די וועלט. ערשט אויב די ליבע איז אַ ליגען, קאָן די וועלט ווערען אַ ליגען. מיט דער ליבע טראָגען מיר די וועלט צו די געטער פאַר אַ קרבן. מיט דער ליבע דערהויבען מיר די וועלט צו די געטער. איך בין דער פילאָזאָף וואָס פערלייקען די ליבע. די ביכער וואָס בעשרייבען די ליבע, פערלייקענען זי. איהר לייענט די גרויסע דיכטער?

— מיר זענען ביכער־ווערים. מיר אַנטלויפען פון די וועלט אין די ביכער אַריין.

— אמת. וואָס וואָלטען מיר געטון אָהן זיי, מיר אָרימע דערקענער? וואו אַהין וואָלטען מיר אַנטלאָפען פאַר דער גרויסער נישטיגקייט, אין וועלכער מיר געפינען זיך? אָ, איהר געטליכע בלעטער, אין אייך איז אייביגקייט, אין אייך איז וועלט, אין אייך דופטען די טרוימען פון דיכטער און פילאָזאָפען, אין אייך איז רוה, אין אייך איז וואָהרהייט...

פיינשטיין פערהוסט זיך שטאַרק ביי די דאָזיגע ווער־

טער. דאָס פּנים ווערט איהם שוואַרץ ווי ערד. ער בלייבט ליגען כמעט ווי אָהן אָטעם.

נאָך אַ היבשע צייט, ווען ער האָט זיך עטוואָס בערוהיגט, כאָרכעלט ער ווידער אַרויס:

— פריינד מיינער, נישט בלויז די ליבע, אויך די שענהייט איז אַ האָפנונגסלאָזער חלום פון קינסטלער און קראַנקע. איהר ווייסט דאָך אַז אין די גייסטיגע וויסענשאַפטען קען מען שווער געפונען די גרענעץ צווישען קינסטלער און קראַנקע. גלויבט איהר טאַקע אַז ס'האָבען ווען עס איז עקזיסטירט אַזעלכע קערפּער פון פרויען ווי ס'האָבען געמאַכט פידיאַס און פראַק-סיטעלעס? דאָס מאָדעל שטעהט נישט, כדי עס צו קאָפּירען; דאָס מאָדעל שטעהט פאַרן קינסטלער בלויז כדי איהם צו ווייזען דעם גרויסען ליגען פון דער ווירק-ליכקייט. שטעהענדיג מיט דער ווירקליכקייט אויג אויף אויג, דערשרעקט זיך דער קינסטלער פאַר איהר נישטיגקייט און ער אַנטלויפט צו די קראַנקע האָפנונגען פון דער פאַנטאַזיע.

— איהר האָט דען אַמאָל געליבט, פריינד פיינשטיין? — רוף איך מיך אָן צו איהם. הגם אייערע געדאַנקען זענען מיר נאָהנט. די גרויסע אמת'ען פון די ביכער האָבען שוין אין מיר אויסגעלאָשען יעדעס מינדסטע געפיהל צו דעם אונפילאָזאָפישסטען מין אינם מענ-שען-געשלעכט—כ'מיין דאָס פרויען-מין—פונדעסטוועג

גען דאַרפֿען מיר נישט פֿערגעסען, אַז אונזערע נײַ־
דענשאַפֿטען זענען פֿון די גיפֿטען אין אונזער קערפּער
אָפּגעשוואַכט. זײַ בײַדע, אי די גיפֿטען אי די אידעען,
זײַ װעלנדען אונז אָפּ צו זוכען דעם פֿערגענגליכען
געניוס אין די אָרעמעס פֿון די פֿרויען.

איבער פֿײַנשטײַנ׳ס געל פּנים בעװײַזט זיך אַ שמייכעל.
ער מאַכט עטװאָס צוּרעכט דאָס קישען אונטער זײַן
קאָפּ און רופֿט זיך אָן נאָך אַ קלײנע פּויזע:

— איך װײס נישט װי איהר. איך בין ערשט שפּעט
געקומען צו די אידעען. פֿון די װעלט בין איך געקו־
מען אין די ביכער אַרײַן. איך בין פֿון יענע פֿילאָזאָפֿען
װאָס האָבען צום ערשטען געניפּט פֿון אַלע װאַסערן
ביז זײַ זענען געקומען צום װאַסער פֿון דערקענטעניש.

— איהר האָט געליבט! זײַט זיך מודה פֿײַנשטײַן, איהר
האָט געליבט.

— אַך, װאָס... געליבט (פֿײַנשטײַן טוט דערבײַ אַ מאַך
מיט דער האַנד). איך האָב מיר אײַנגערעדט—ליבע.

— איז זי געװען אַ שענע, אײַער געליבטע? (דער
שרײַבער פֿון די דאָזיגע שורות מוז מודה זײַן אַז דאָס
קול ציטערט איהם עטװאָס. אין זײַן קאַלט פֿילאָזאָפֿיש
האַרץ װעקען זיך די קלײנליכע שװאַכקײַטען פֿון קנאה.)

— אַ שענע?...

פֿײַנשטײַן שמײכעלט ביטער.

דאָ געשיהט עטװאָס װאָס ס׳איז מיר אַבסאָלוט פֿרעמד

פאַר דעם דאָזיגען שטילען און קאַלטבלוטיגען פיינ־שטיין. פיינשטיין טוט זיך מיט אַמאָל אַזוען־אויף אויף זיין פעלד־בעטל. זיין געל טויט פנים פערציהט זיך מיט אַ מאָדנע רויטקייט. ער שטאַרט מיך אָן אַ שפּאָרע ווײַלע מיט זיינע שוואַרץ־צוגליהטע אויגען, ווי ער וואָלט עפּעס געקלערט וועגען מיר. זיינע אויגען דריי־קען פּלוצים אויס אַזאַ מין אונאויסגערעדטע שטומע בקשה, פאַר וועלכער איך האָב מיך פשוט דערשראָקען. כ'וועל צוגעבען: כ'האָב מיך פון דעם דאָזיגען אונ־בעהאָלפענעם און דורכשפּיזידיגען בליק געפיהלט זעהר אונאָנגענעהם. כ'האָב מיך בעמיהט צו קוקען אין אַ זייט. פיינשטיינ'ס קינדישע און פערצווייפעלטע בליקען האָ־בען מיך אָבער מיט אַ בעהאַלטענעם כח צוגעהאַלטען ביי זיך. איך האָב מיינע אויגען געמוזט די גאַנצע צייט האַלטען אָפען. פיינשטיין האָט אין זיי אַריינגעקוקט, ווי ער וואָלט דאָרט עפּעס געוואָלט אויסגעפינען.

איך פּריוו מיך אַ דרעה צו געבען אויף מיין פעלד־בעטל. פיינשטיין טוט מיך אַ כאַפּ־אָן פאַר דער האַנד. זיין קנאָכעדיגע האַנד איז קאַלט און שווייסיג. זי ציטערט. כ'גלויב, מען פיהלט פון איהר אַנ'אונאָנגענעה־מען גערוך. ס'ערשטע מאָל קומט עס מיר צום בעוואוסטזיין, אַז פון פיינשטיין'ען בכלל פיהלט זיך אַנ־אונאָנגענעהמער גערוך.

איך בעקום פלוצלינג אַ געוויסע פרעמדקייט צו איהם. אפשר—אַ מין עקעל.

זאָל איך זאָגען, אַז איך האָב מיט אמאָל פיינד בעקו־מען דעם דאָזיגען צופוילטען פיינשטיין׳ען ? דעם דאָ־זיגען אידעאַל פון אַ געטליכען פילאָזאָף ?

פיינשטיין טוט אַ הוילען הוסט, ער שפייט אויס אַ שטינ־קעדיגע אייטער־מאַסע און רופט זיך אָן צו מיר מיט זיין שטילער כאָרכעלדיגער שטים :

— פריינד מיינער (ער איז מיין פריינד, דער דאָזיגער אויסגעטריקענטער מת וואָס מ׳שפירט פון איהם אַ שלעכטען ריח), פריינד מיינער, נאָך אַלע זאַכען גלויב איך דאָך אַז מיין סוף איז נאָהנט. איך לעב קעגען אַלע געזעצען פון דער מעדיצינישער וויסענשאַפט. וואָס בין איך דען ? אַ צופרעסענער סקעלעט, אַ פערבלאָנ־זשעטער טויטער פון ווערימדיגען קבר אַרויס. אַ פוי־לעניש. וואָס טו איך נאָך דאָ אונטער דער זון ? מיין סוף איז נאָהנט, פריינד מיינער, מיין סוף איז שוין נאָהנט. אָט, אָט, און איך צופאַל פאַר אייערע אויגען ווי אַ פערשטינקענער פגר. אין מיינע לעצטע טעג טאָר איך קיין ליגען נישט זאָגען. איך מוז אייך מודה זיין פריינד מיינער : איך האָב געליבט.

איך לאַך און ווידערהויל מיט איראָניע : ווירקליך ? איהר האָט געליבט ?

— יאָ. איך האָב געליבט. די ליבע איז געווען מיין

אונטערגאַנג. איך בין אונטערגעגאַנגען פון דער ליבע. נו, אַזוי אונטערגעגאַנגען, לאָמיר זאָגען, אַזוי ווי בערג. נאָר איך האָב מיך נישט דערשאָסען אַזוי ווי ער. ווען עס איז געקומען די לעצטע סצענע פון דער טראַגעדיע, דאָס לעצטע שפּיל, דער מאָמענט פון דער נישטיגקייט, האָב איך נישט געמאַכט קיין עק. איך בין נישט אַנט־לאָפען פון מיין שיקזאַל אין די פינסטערנישען פון האַדעס. איך בין אַ פילאָזאָף. ווי זאָגט איהר: אַ מאַט־ראָז אויף אַנ'אונטערגעהענדיגע שיף. אָ, איך צושויער פון מיין אייגענעם אונטערגאַנג. איך זעה צו ווי מיין לעבענס־שיף זינקט פּאַמעליך, ווי זי געהט אונטער. איך שטעה ווי אַ געשפּענסט אויף דער צובראָכענער בריק און קוק אַהין צו די ווייטקייטען. צו אונבעקאַנטע ווייטקייטען. אָ, איך האָב מוט, איך קראַנקע פילאָזאָ־פישע נשמה. איך ווארט אַפּ מיין שיקזאַל, ווי די חכמים פון דער אַנטיקע.

איך לאַך ווידער. (איך וויל איהם קרענקען אויס בע־האַלטענער נקמה.) אייער געליבטע האָט אייך פערראַ־טען? זי האָט אייך פערלאָזען מיט אַ שענערען, מיט אַ געזונטערען?—זאָג איך כלומרשט מיט אַנ'אונשולדיגען טאָן און איך גיב צו מיט אַ געמאַכטער מילדקייט: אַזוי זענען זיי שוין די פרויען.

פיינשטיין טוט אַ קוק אויף מיר און בעהאַלט זיך ס'פּנים צווישען די הענד. ער שעהמט זיך פאַר מיר? ניין. ער

ווינט (אָ, דו זיסער גיפט פון שנאה). פיינשטיין וויינט מיאוס מיט זיין צעכאָרכעלטער ברוסט. ער ווינט ווי אַ געשלאָגענער הונט. דער געטליכער פילאָזאָף, דער סטאָאיקער; דער דאָזיגער ביכער־וואָרים העשעט אויף זיין פעלד־ בעטל.

— פריינד מיינער,—זאָגט ער ענדליך (ער האָט רויטע אויגען פון וויינען)—זי האָט מיך נישט פערראַטען. איך, איך בין עס דער, וועלכער איז אַנטלאָפען...

— פאַר וואָס דען?

פיינשטיין קוקט זיך אום אויף זיין פעלד־בעטל, ווי ער וואָלט זיך פאַר עמעצען געהיטען, דאַן בויגט ער זיך צו צו מיר און זאָגט זעהר שטיל:

— ס'איז אַ גאַנצע געשיכטע, פריינד מיינער, כ'וועל זי אייך דערצעהלען.

צוריק מיט עטליכע יאָהר בין איך געוועזן אין אַים־באָד—אַזוי הויבט אָן פיינשטיין זיין ערצעהלונג—איך בין נאָך דאַן געוועזן געזונד, יונג, און—דאָס מוז איך מודה זיין מיין ליבער—וועניגער פילאָזאָף. יענע גרויסע אמת׳ען—און איך האָב מיך אַזויפיל אָנגעלייענט מיט זיי—זענען זיי דאָך מיר אינערליך געבליבען פרעמד. הגם די וועלט איז נאָר וואָהר אין די ביכער און אין די געדאַנקען פון די פילאָזאָפען, פיהרט דאָך דער וועג צו דער דאָזיגער וועלט—די איינציג ווירקליכע—דורך די פערבלענדענישען פון לעבען. נור זינדער ווערען הייליגע. די דאָזיגע וואָס האָבען זיך געגוג אָנגעטריג־קען מיט דעם בעכער פון לעבען, נאָר זיי קענען זיין אַזוי גרויסמוטיג און איהם אַוועקוואַרפען.

איהר קענט ים־בעדער? אָפענע זוניגע ווייטקייטען. בלאָה־וואַסערדיג אונענדליכקייט. פּאַליעס, שוים, שפיל.

אויפֿן זאַמד ביים ים שפּילען זיך נאַקעטע קינדער,
שפּילען זיך מענשען אין בלויזען לייכטען געוואַנד.
מענער, פֿרויען; פֿרייד. געלעכטער.
אַזויפֿיל מענשען, אַזויפֿיל יוגענד, אַזויפֿיל רויש. ליבע.

ליבע? אַך, ווי איך בין נאָך דאַן געווען יונג און נאַיוו. איך האָב געגלויבט. געגלויבט אין ליבע. אָ, יענער זעלטזאַמער דיכטער־גלויבען! איך האָב געמיינט, אַז ליבע איז אַ גורל, אַ מתּנה פֿון די געטער. עס איז דער חוב זייערער צו בעשענקען די מענשען מיט ליבע; אַ באַשערטע. איך בין אַרום געגאַנגען צווישען די מענשען יום־טובֿ'דיג. אונטער דער זון איז יום־טובֿ. אויך איך בין אַהער געקומען צווישען זיי נאָך דעם וואָס עס קומט מיר—מיין באַשערטע; אַ געליבטע. ערגעץ־וואו אַ געשטאַלט וואָס כ'האָב נאָר געזעהען פֿון דער ווייטענס, אַ פֿרויען־געשטאַלט, האָט מיר אַ קלאַפּ געטון דאָס האַרץ: דאָס איז זי, יענע וועלכע בעדאַרף קומען. ס'איז אַ נאַיווע צייט, די צייט פֿון רייפֿקייט. דער אונשולדיגער מענש קומט מאָהנען פֿון לעבען דאָס וואָס די שול־חכמה האָט איהם צוגעזאָגט: דאָס טעלערל פֿון הימעל.
אָט ליג איך מיר אַזוי הינטער אַ זאַמד־בערגעל איינער אַליין. דאָס אויסגעבענקטע האַרץ איז פֿול פֿרייד, דער־וואַרטונג, יוגענד־ציטער. איך קוק אויפֿן הימעל. נישט

ווייט פון מיר שוימט זיך ווילד דער ים. שוואַרקע ווינדטען וועהען אַהער פון די וואַסערען. די גרעזער אויפן בערגעל הינטער מיין קאָפּ שאַרכען טרוקעז.

איך הער טריט הארט נעבען מיר. לייכטע טריט. ווער קומט דאָס אַרויס פון די גרעזער? אַ שלאַנק פרויען־געשטאַלט שוועבט לייכט אַ דורך אויפן זאַמד־בערגעל איבער מיין קאָפּ. איך כאַפּ מיך אויף.

— אַך דו ווייב, דו וואונדערליך ווייב! האָב איך דיך ערגעץ־וואו געזעהען? יאָ, איך האָב דיך געזעהען. פון דער ווייטענס. דו ביסט מיר אַנטקומען אין דעם גע־טויש פון די מענשען. איצטער איז זי מיר נאָהנט. זי איז געקומען.

זי איז אַ שלאַנקע עטוואָס פולע ברונעטע. אין אַ ווייס קלייד. די פּעך־שוואַרצע האָר זענען רוימיש פריזירט. דאָס פּנים איהרס פול און אָוואַל. לאַנגע שוואַרצע ברעמען זוימען אַרום צוויי פייעריגע עטוואָס שיפּע מאַנדעל־אויגען—אויגען פון אַ יאַפּאַנערין. דער גאַנצער טאָן פון איהר וועזען: איידעל, שטיל און תאוה׳דיג. עס איז אין איהר פּנים אַ יצר־הרע׳דיג געמיש. דאָס פרומע צניעות׳דיגקייט פון אַ מידע בעצער׳טע קראַנקען־שוועסטער און דאָס ליידענשאַפטליך אַרויספאָדערנ־דיגע פערשייטקייט פון אַ ציגיינערין.

איהר קענט יענע פרויען? די פרויען וואָס איהר ווייסט

נישט פון וואַנען זיי קומען? די פרויען פון צוויי וועל־טען. יענע לילית׳ן אין ווייסען נאָנען־געוואַנד. יצר־הרע טעכטער וואָס שעהמען זיך. איהר ווייסט נישט פון וואַנען און ווי אַזוי: אייער האַרץ שרומפּט איין אונטער אַנ׳אונבעקאַנטען דרוק. דאָס בלוט שטייגט אייך אין קאָפּ אריין. איהר פערלירט אייער געזונטען מענשליכען פערשטאַנד: איהר זענט פערליבט.

יענע פרוי, די אונבעקאַנטע פרוי וואָס האָט מיך גע־טראָפען אויפן זאַמד־באַרגעל ביים ים, זי דאַרף מיך פערכשופ׳ען (יונגער גלויבען!), זי האָט מיך פער׳כשופט. איך בין געוואָרען אין דער רגע פערליבט. איך בין פשוט משוגע געוואָרען פאַר ליבע.

— זי, אָדער דאָס לעבען מיינס האָט קיין ווערט נישט, (די דאָזיגע פראַזע לעזט מען דאָך אין ראָמאַנען; אַ שול־חכמה!)—דאָס איז געווען דער איינציגער געדאַנק, דער איינציגער ווילען וואָס האָט געברענט אין מיינע ביינער ווי אַ העליש פייער.

איך בין פלוצלינג אויפגעשפּרונגען פון מיין אָרט ווי אַ געביסענער.

זי בויגט לייכט דעם קאָפּ אין אַ זייט און וואַרפט מיר צוריק אַ בליק פון אונטער די שוואַרצע ברעמען אָפער אַ קוים בעמערקבאַרען בליק. אַ בליק וואָס זאָגט פיל און זאָגט גאָר נישט. אַ בליק וואָס מ׳קאָן אויסטייטשען ווי גרינגשעצונג אָדער ווי אַ צוזאָג.

איך פיהל ווי דאָס פּנים פלאַמט מיר.
איך געה איהר נאָך. צווישען אונז איז אַ שפּאָרער מהלך. איך וואַג מיך נישט צו דערנעהנטערן.

זי געהט מיט מיר ווייט. ס'איז שוין אַ שעה. צוויי. איך געה איהר נאָך. איך ציטער ווי אין פיבער. זי האַלט זיך ביים ברעג ים. די וואַסערען ברויזען און רוישען. טיילמאָל שטעלט זי זיך אָפּ (איך בלייב אויך שטעהן פון דערווייטען) און קוקט אויף די ווייטקייטען פון ים. זי וואַרט. איהר ווייס קלייד פלאַטערט אין ווינד. די פאַליעס לויפען אַרויס פון די וואַסערען און גיסען זיך אויס איהר צופוסענס, באַנעצען איהר די זוילען.

צי בעמערקט זי נישט ווי איך געה איהר נאָך?

זי האָט זיך נאָך קיין איינמאָל נישט אומגעווענדט זינט דעם ערשטען מאָל. איך שלענדער איהר נאָך ווי אַ הונד פון דערווייטענס. איך קוק אויף איהרע טריט. אויף איהר גאַנג.
אַך, ווי לאַנג עס דויערט דער דאָזיגער אונענדליכער פיין-וועג! עס פאַלט צו דער אָווענד. קאַלטער שוויס בעדעקט מיך. מיר זענען שוין ווייט פון דער שטאָדט. מיר געפינען זיך אויף וויסטע נאַקעטע זאַמדען. דער ים שוימט זיך אונהיימליך. מיט די וואַסערען מישען

זיך ווילדע ווינדטען. איך שוידער פאַר ערוואַרטונג, פאַר ליבע. די דאָזיגע אומבעקאַנטע געליבטע מיינע, די גרויזאַמע, אינם ווייסען קלייד, זי דרעהט זיך אַרום אַהין און צוריק אויף די איינזאַמע ים־זאַמדען. זי מיינט זי איז אַליין. זי טוט נישט צומאָל קיין איין קוק אויף מיר. צי פיהלט זי ווי גאָר נישט ווייט הינטער איהר אויפן זאַמד שטעהט אַ מענש, אַן׳עלענדער מענש במשך עטליכע שעה טויט קראַנק פאַר ליבע? דער דאָזיגער אומגליקליכער מענש, וואָס ליבט זי, ציטערט ווי אַ בלאַט.

עס איז נאַכט. אויפן ים איז פינסטער.

זי געהט צוריק. איבערן גראָז פון די זאַמד־בערגלעך. פאַמעליך. איך שלייך הינטער איהר—אַ שאָטען. מיינע ליפען זענען קאַלט און ביטער, זיי מוזען זיין בלאָה. במשך די עטליכע שעה וואָס איך ליב און וואַנדער נאָך דער דאָזיגער פרוי בין איך איינגעצעהרט. דאָס פלייש איז מיר איינגעשרימפען אויף די געפרוירענע ביינער. איך וויל גאַנץ שטיל רופען עפּעס אַ נאָמען. דאָס קול קריכט מיר נישט אַרויס פון האַלז.

אָט זענען מיר אין שטאָדט. מיר געהען דורך אָפּגע־לעגענע גאַסען. מיר קומען אַריין אין אַ לאַבירינט פון געסלעך. טונקעלע געסלעך. מ׳זעהט נישט קיין מענש. בלויז די פרוי, די געליבטע מיינע, טרעט לייכט נעבען די מויערען (יעדער טריט איהרער פלאַמט־אויף מיין

ליידענשאַפט. נישט איינמאָל וועקט זיך אין מיר דער געדאַנק זיך אויף איהר צו ווארפען אין די דאָזיגע איינזאַמע גאסען). אָ, איהרע טריט, ווי איהר קערפּער וויגט זיך אין דער טונקעלקייט!

נאָך אַ לאַנגען וואַנדערן קומען מיר צו צו נ׳אַ הויז. (שוין ווידער הינטער דער שטאָדט). אַנ׳איינזאַם אומעטיג הויז. די לעדען זענען פערמאַכט, ווי עס וואָלט קיינער דאָרט נישט געוואוינט. (איהר קענט יענע איינזאַמע פערלאָדענטע הייזער, אין וועלכע ס׳איז גוט צו בע־געהען זעלבסט־מאָרד?). די דאָזיגע פרוי שטעלט זיך אָפּ פאַר דער טיר. איידער איך בעוויז מיך אומצוקו־קען שליסט זי זי אויף און פערשווינדט אין איהר.

איך וויל אויפשרייען פאַר כעס, פאַר אונענדליכען וועהטאָג. איך וויל מיר רייסען די האָר פון קאָפּ. זיך אַנידערוואַרפען אויף דער ערד און האַקען דעם קאָפּ אָן די שטיינער. איך וויל די קליידער פון מיר אַראָפּ־רייסען. איך ווייס אליין נישט וואָס כ׳וויל. איך פיהל נאָר ווי יעדער אָדער אין מיר ציהט זיך צוזאַמען. אין מיין לייב ברענט אַ מייוולאָניש בעגעהרען—אָ, ווי שרעקליך איך ליב!—איך וויל פלוצלינג אָנהויבען צו וויינען. דער האלז איז מיר צוזאַמענגעשנירט אין אַ קראַמף. איך שטעה ווי אַ וואַהנזיניגער פאַר דער פער־

האַקטער טיר, גלאָץ אין דער נאַכט אַריין און ריהר ניִשט מיט קיין אבר.

פון אַ פענסטער שליסט זיך אויף אַ לאָדען. דאָס צימער פילט זיך אָן מיט רויטליך ליכט. דורך די שויבען זעה איך ווי אַ שאָטען בעוועגט זיך. איהר שאָטען. זי מאַכט בעוועגונגען ווי זי וואָלט אויסטון די קליידער. אָט הויבען זיך הענד אין דער הויך. שאָטענעס פון הענד. פון איהרע הענד. איהרע פיינע הענד צולאָזען די רוי־מישע פריזור.

דאָס פענסטער עפענט זיך שטיל. אין דער נאַכט אַריין. גאַנץ פלוצלינג. מיין געליבטע איז אין ווייסען נאַכט־געוואַנד. זי בויגט זיך אַרויס, די שוואַרצע האָר צולאָזען איבער די שפּיצען פון נאַכט־העמד.

אַ, ווי שען עס איז איצטער מיין ציגיינערין, מיין לילית! זי קוקט אַרויס פון איינזאַמען פענסטער אין דער נאַכט אַריין. עס בלייכט זיך דאָס העמד איהרס אין דער טונקעלער נאַכט. אַזוי קוקען פרויען אויס אין הייסע נעכט פון זינד, ווען אונגעשטילטע ליידענ־שאַפטען טרייבען זיי אַרויס פון די בעטען. איהר לייב, איהר געטליך לייב פערלאַנגט און ליבט אין דעם צניעות׳דיגען שפּיצען־העמד. עס קיהלט זי די נאַכט.
איך אונטען אויף די גאַס־שטיינער, אַנ׳עלענדער מענש, אַ משוגענער פערליבטער שטעה און רייס מיך ווי אַ חיה אויף די קייט.

די פרוי פונם פענסטער טוט אַ לאַך. אַ שטילען זאַפ־
טיגען לאַך. צי שפּעט זי מיך אויס?
צי לאָקט זי און רופט מיך אַרויף צו זיך?
זי ציהט שנעל צוריק אַריין דעם קאָפּ. זי פערהאַקט
ס'פענסטער.
ס'ווערט פינסטער.

פריינד מיינער. אַ גאַנצע נאַכט שטעה איך אַזוי אָפּ
אונטען פאַר דעם הויז. שפּעטער הויבט עס אָן צו
רעגענען. אָהן מאַנטעל, אין לייכטע קליידער, ווער איך
דורכגעווייקט און דורכגעפרוירען. יעדער פאָדים איז
אויף מיר נאַס. די האָר אויפן קאָפּ זענען מיר נאַס.
די אויגען ברענען מיר ווי אין פיבער, די פיס ברע־
כען מיך. עס שוידערט מיך פון קעלט. דורך יענע נאַכט
האָב איך דערפיהלט, אַז איך בין אַ חרוב'ער מענש.

ס'איז שוין גרויס טאָג. עס רעגענט נאָך. די לופט איז
נעפּעלדיג. אַ דורכגענעצטער שטעה איך נאָך אַלץ
פאַרן הויז. נאָך אַזאַ שוידערליכע נאַכט. איך שטעה צו־
זאַמענגעקאָרטשעט און וואַרט. כאַ, כאַ, כאַ, איך ליב.
ווי אַ געטרעטענער הונד שטעה איך פאַרן הויז — וואו
זי וואָהנט — מיין געליבטע. איך וואַרט זי אָפּ. שוין אַ
גאַנצע נאַכט וואַרט איך זי אָפּ. אַ צובראָכענער. אַ
קראַנקער.
נור אָט עפענט זיך די הויז־טיר. „זי" טרעט ווידער

אַרויס. „זי". נאָך אַזויפיל געפּייניגטע שעה'ן, זי איז נישט מעהר ווי נעכטען אין ווייסען קלייד. אַ שוואַרצער מאַנטעל, אַ מין דאָמינאָ, אַ לייכטער רעגען־מאַנטעל בעהילט די שלאַנקע געשטאַלט איהרע. זי טראָגט ווידער די רוימישע פריזור, די שוואַרצע האָר זענען עטוואָס לויזער און זיי זענען פייכט פון נעפּעלדיגען וועטער. מיט אַ שטאָלץ דערהויבענעם קאָפּ געהט זי פאַר מיר פערביי.

יעדעס אבר אין מיר שטאַרבט אָפּ. אָט, אָט שרימפּט מיר איין דאָס האַרץ און איך פאַל אַנידער אויף די שטיינער. אין די ווינקלען פון מויל פיהל איך ביטערען שוים. מיט שוואַכע פיס וואָס ציטערען אונטער מיר פריוו איך איהר נאָכצולויפען.

זי מוז בעמערקען ווי איך לויף איהר נאָך. זי דרעהט זיך פּלוצלינג אום. דאָס איידעלע אָוואַלע פּנים איהרס שמייכעלט אונבעשטימט. די זאַפטיגע מאַנדעל־אויגען גלאַנצען לעבהאַפט.

זי בלייבט שטעהן...

---

ביי די לעצטע ווערטער פערהוסט זיך פיינשטיין שטאַרק. עס דויערט אַ שפּאָרע צייט ביז ער קומט צו זיך.

איך וואַרט ביז ער הוסט זיך אויס. פיינשטיין, אַנ־אָפּגעשוואַכטער, בלייבט ליגען ווי אַ טויטער אויף זיין פעלד־בעטל. ער אָטעמט שווער און האַלט פערגלייזט די האַלב־פערמאַכטע אויגען. זיינע געלע אויסגעטרי־קענטע באַקען גליהען. ער מוז יעצט פיבערן, שטאַרק פיבערן. זיינע דינע בלוטלאָזע ליפען זענען צוזאַמענ־געצויגען.

פלוצלינג טוט ער אַ מאַך־אויף די אויגען, ווי ער וואָלט אויפגעוואַכט פון אַ שווערען חלום. ער קוקט מיך אָן:

אַבי עפּעס צו זאָגען גיב איך אַ רעד־אַרויס:

— האָט זי צו נ'אייך עפּעס גערעדט?

פיינשטיין שמייכעלט.

— אויב זי האָט צו מיר גערעדט?—כאַרכעלט ער— וואָס זאָל איך אייך זאָגען? האָפּענונגען... אַלצדינג האָפּענונגען. האַלבע ווערטער...

— און דער סוף?

פיינשטיין פערקלערט זיך אויף אַ ווײלע, דאַן זאָגט ער גאַנץ שטיל, קוים וואָס מען דערהערט איהם:

— איך בין בעגאַנגען אַ פערברעכען.

איך קאָן מיך נישט מעהר איינהאַלטען און זאָג מיט אָפענער איראָניע:

— איהר אַ פערברעכען, פיינשטיין? איהר בלוטלאָזער

פילאָזאָף, הויט און ביינער... איהר פאַנטאַזירט. אָרימער פיינשטיין. איהר רעדט ליטעראַטור.

פיינשטיין טוט זיך אַביס אויף זיינע בלייכע לעפצען.

— איך בין בעגאַנגען אַ פערברעכען—כאָרכעלט ער מיט שטילער עקשנות, ווי ער וואָלט מיך נישט געהערט.

— איהר האָט זי פערגוואַלדיגט, דערהרג'עט? — אי־ראָניזיר איך.

—ביידען. מיך און זי.

— אָהאָ. איהר לעבט דאָך. מיר קורירען זיך ביידע צוזאַמען אין לעזיען. הינטער אייער קישען ליגט אַ טערמאָמעטער, וואָס ווייזט נאָך וואַרימקייט אין אייער גוף. איהר וועט נאָך לעבען, פיינשטיין, איהר וועט נאָך אַלעמען איבערלעבען—פריוו איך איהם צו רייצען.

פיינשטיין טוט זיך אַ הויב אויף זיין פעלד־בעטל, ער קוקט מיך אָן מיט פיבערדיגע אויגען.

— זעהט איהר, איך האָב נישט געקאָנט אויסהאַלטען די ליבע. ליבע איז אַ חלום. אַ שטאַרקער חלום. איך האָב נישט געוואָלט חלומ'ען, איך נאַר. איך האָב גע־וואָלט ווירקליכקייט.

— איהר האָט זי געהאַט?

— ועמען? די ווירקליכקייט? די געליבטע? אַך, גאָט מיינער. האָפנונגען... אַלצדינג האָפנונגען. איך האָב צונ'איהר גערעדט וועגען מייז ליבע. זי האָט געזעהען

ווי זי פערצעהרט מיך מיט ליידענשאַפט. זי האָט הנאה געהאַט. אַ מאַן איז שטויב איהר צופוסענס. זי האָט געשמייכעלט. געהערט און געשמייכעלט.

פיינשטיין שווייגט אַ ווײַלע, דאַן הויבט ער אָן אויפסניי:

— הערט. איך מוז אייך שוין דערצעהלען די גאַנצע געשיכטע. צי האָט זי מיך געליבט? ביי מיינע ערשטע ווערטער צו איהר, האָט זי מיך נישט אָפּגעשטויסען. פאַרקעהרט: איך בין זיכער געוועזן מיינע געפיהלען געפינען ווידערקלאַנג. זאָגאַר—מיין באַגעהרען. איך נעהם זי אָן אונטערן אָרעם—איהר קערפּער ציטערט אויף. איך גלעט זי איבער די האַנד. די הויט פון איהר האַנד איז קיהל און צאַרט ווי זעלטענער זייד. איהר קיהלע האַנד ווערט וואַרים צווישען מיינע פינגער. אין אַזעלכענע מאָמענטען בין איך פשוט געשטאָרבען פאַר ליידענשאַפט. איך בין חרוב געוואָרען נעבען איהר.

— און זי? האָט זי אויך געהאַט צו אייך עטוואָס אַזוינס... אַ פערלאַנג? (דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות ווערט נייגעריג.)

— תאווה, טיפע שטילע תאווה פון אַ נאָנע. (פיינשטיין בעקומט שוים פאַרן מויל.) יצר-הרע, פרומער יצר-הרע אין שוואַרצען פערשלייערט... ווי דאָס רייצט. הערט: איך געה מיט איהר אַמאָל שפּאַצירען ביים ים. אויף אַן אָפּגעלעגען אָרט הינטער די זאַמד-בערגלעך. ס'איז

נאָך אַ הייסען טאָג. די לופט איז דעמפיג, ווי אָנגע־טרינקען מיט ריחות. דער ים שוימט זיך שטיל.

איך געה נעבען איהר אויף די זאַמדען. זי איז אָנגעטון אין איהר ווייס קלייד און אין אַ בלוזע. אַ לייכטע בלוזע. די וואַרימקייט פון איהר פלייש שלאָגט אַרויס פון אונטער דעם צאַרטען געוועב. איהר פלייש איז וואַרים. זי שווייגט. אָטעמט טיף. די פולע פאָרמען פון איהרע ברוסטען הויבען זיך אונטער די בלוזע. די קליידער אויף איהר וואַרימען קערפער הויכען מיט איידעלען לייב־דופט, זיי מאַכען דעם קערפער נאָך נאַקעטער, ווי דער צעהיצטער קערפער וואָלט זיך אַנ׳־אויסגעטוענער געטוליעט אין די געוועבען, זיך אין זיי געקיהלט. ווי די דאָזיגע בלוזע וואָס שמעקט מיט איהר לייב האָט מיך גערייצט! די פאַנטאַזיע צושפילט זיך מיר אין די געבליטען. געהענדיג נעבען איהר אויפן זאַמד ביים ים זעה איך נישט קיין וועלט פאַר מיר. זי שווייגט. אַ זונה און אַ הייליגע. ביידע צוזאַמען. איך האָב זי אין דער פאַנטאַזיע אויף די פערשידענסטע אופנים. איהר קערפער וואָלגערט זיך מיר צופוסענס און גיט זיך מיר אַוועק אין כלערליי גלוסטונגען. מיינע פינגער האַלטען איהר לייב. איך קוש זי אויף די פער־באָרגענסטע ערטער. מיט מיין אָטעם בריה איך זי אויפן מויל און זויג אַריין אין מיר איהר גאַנצע גלוסטיגקייט. אַ צותאוה׳טע פרוי רייסט זיך אַריין אין

מיין באַגעהרען. כּדי נישט אויפצושרייען פון ווילדקייט, בייס איך מיר מיט די צייהנער אין די ליפּען.

יענער הייסער שווידער זידט אין יעדען אָדער. אין די שלעפען האַקט עס ווי אַ האַמער. כ׳הויב פלוצלינג אָן צו ציטערן.

— וואָס ציטערט איהר ?—זאָגט זי פּלוצלינג זעהר לאַקאָניש—ס׳איז אייך קאַלט ?

איך קלאַפּער מיט די צייהנער און פּליסטער :

— אַלצדינג איהר... אַלצדינג איהר...

זי שמייכעלט.

— זאָל איך צו אייך קומען ?—בעט איך מיך—יאָ ? איך וועל צו אייך קומען.

זי זאָגט זעהר שטיל :

— היינט נישט.

— גוט. (איך פּריוו זי צו כאַפּען ביים וואָרט.) כ׳קום מאָרגען.

זי שווייגט.

צו מאָרגענס בין איך אַוועק צו איהר. ס׳איז געוועזן נאָך פריה. (כ׳בין אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפען.)

שטיל קלאַפּ איך אָן ביי דער טיר, ווי אַ גנב.

פיינשטיין הערט אויף צו ריידען.

באַלד ווענדט ער זיך ווידער צו מיר :

— ווייסט איהר וואָס כ׳האָב געהאַט אין דער טאַש ? אַ קליין טיכעלע אָנגעזאַפּט מיט כלאָראָפאָרם.

דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות פרעגט נייגעריג:
— וואָס האָט איהר געוואָלט מיטן כלאָראָפאָרם?

פיינשטיין כאָרכעלט:
— זי האָבען מיט גוטען צי מיט געוואַלט. מיין תאוה צו איהר האָט געשטייגערט צו פשוטע'ר חיהש'קייט....
איך קלאַפּ אָן ביי דער טיר. די טיר עפענט זיך אין דער העלפט. זי דערזעהט מיך און לאָזט אַרויס אַ לייכט געשריי.
איך מוז שרעקליך אויסקוקען. זי ווערט בלאַס מיך דערזעהענדיג. איך פיהל ווי מיר ברענט דאָס פנים, דער קערפער וואַרפט זיך, די אויגען זענען אָנגע־שטרענגט ווי זיי וואָלטען געוואָלט אַרויסקריכען פון קאָפּ. זי טראָגט אַ לויזען העל־זיידענעם מאָרגען־ראָק, טיף פערקנעפעלט. די הענד איהרע שטאַרען קוים אַרויס פון די לאַנגע שפיצענע אַרבעל. אין דעם דאָ־זיגען לויזען מאָרגען־ראָק וואָס דערמאָהנט נאָך אָן בעט, זעהט זי זעהר פרויענהאַפט אויס. אַזוי ווי אַ יונגע מוטער.
— וואָס ווילט איהר?—שטאַמעלט זי נישט דרייסט, שעמעוודיג. איהרע לעפצען ציטערן. זי ווערט אַלץ בלאַסער.
איך ענטפער נישט. איך שטעה אין דער טיר, אנ'איינ־ברעכער מיט צוזאַמענגעביילטע הענד און קוק אויף

איהר מיט הייסע אויגען, ווי אויף אַ קרבן. יאָ, איצטער איז זי מיין קרבן.

— וואָס ווילט איהר ?—איהר שטים קלינגט פעסטער, שאַרפער. זי פּריוועט זיך צו בעהערשען.

— איהר האָט מיך אַהער בעשטעלט—זאָג איך הייזע־ריג מיט אַ שכור קול און וואַקעל מיך אַ שריט פאַר־אויס.

— משוגע. ווער האָט אייך אַהער בעשטעלט ?—ווערט זי גראָב. אין איהרע אויגען פינקעלט אויף פּלוצ־לינגער כעס.

איך רוק מיך פאָראויס און פּריוו אויסצושטרעקען נאָך איהר מיינע הענד, וועלכע זענען שווייסיג פאַר אויפ־רעגונג. זי פערלירט זיך אויף אַ וויילע, זי דערשרעקט זיך, טרעט צוריק. דער דאָזיגער מאָמענט רייצט מיך נאָך מעהר אויף. דער אָנבליק פון אַ צושראָקענער פרוי וועלכע געפינט זיך אונטער מיין מאַכט, וועקט אויף אין מיר מיין גאַנץ חיה'שקייט. איך גיב מיך מיט אַמאָל אַ לאָז צונ'איהר און טו זי גראָב אַ כאַפּ־אָן ביי דער האַנד.

זי גיט מיך מיט אַלע כחות אַ שטויס צוריק. איהר פּנים פערלויפט מיט ווילדען צאָרן. אין איהר צאָ־ן איז זי נאָך עקזאָטישער, יצר־הרע'דיגער. תאוה מיט צאָרן. די פאַרב פון איהר פּנים איז הייס. די מאַנדעל־אויגען ברענען. מיט אַ האַלב־געעפענט מויל אָטעמט זי קורץ,

און האסטיג. איהר קערפער ציטערט אין דעם לוויזען מאַרגען־קלייד ווי דער קערפער פון אַ קינד. מיר שטעהען זיך קעגען אנאנדער מיט צופלאַמטע געזיכ־טער. קוקען זיך אָן... איך דער מאַן—פול באַגעהרען. אין איהר בליק איז שוין פערהאַן דער בליק פון אַ פרוי וואָס ווייס: זי האָט פערשפּילט, דער מאַן וועט זי נעהמען.

אַ ווילד פערגעניגען שוידערט מיך דורך. אַ פערגעניגען פון אַ סאַדיסט. (פיינשטיין רעדט שטילער:) אין מיין פאַנטאַזיע שפיל איך מיך מיט איהר ווי מיט אַ גע־מאַטערטען פויגעל. איך האָב צייט... זי ציטערט. זי פיהלט ווי מיינע בליקען טון זי אויס און פעראומ־רייניגען זי. זי קאָרטשעט זיך איין, קאָרטשעט זיך איין. פלוצלינג גיט זי אַ שפּרינג־אויף און טוט אַ געשריי.

איך טו מיר אַ ביס אין די ליפּען און שפּרינג איהר נאָך מיט אַ בערואוסטלאָזיקייט פון צולאָזענסטער ליידענשאַפט. איך פיהל ווי מיינע הענד קלאַמערן זיך אַרום איהרע פּלייצעס. זי ווערט זיך מיט הענד און פיס. זי וויל זיך פון מיר אַרויסרייסען. זי קריצט מיט די צייהנער.

דאָס העמד קלעבט אויף מיר אין קאַלטען שווייס. איך סאַפּע און אַמפּער מיך מיט איהר מיט די לעצטע כחות. ביידע זענען מיר מיד און צותאוה׳עט. זי בייסט מיך

אַ צעווילדעמטע אין די הענד און וויל זיך אַרויסרייסען. איך האַלט זי פעסט, שלעפּ זי פאַר די אַקסלען צום בעט. די קאָפּ־האָר זענען ביי איהר איצטער צולאָזען, דאָס פּנים רויט, די ליפּצען אָנגעשוואָלען און שוימיג. זי לאָזט נישט פון זיך אַרויס קיין קול. זי קנוילט זיך מיט אויסגעלאַסענער קראַפט צווישען מיינע אָרעמעס. זי בריהט אין איהר פערשפּילטען קלייד ווי פייער. אַ שטיק פון איהר האַלז דעקט זיך אויף, פול יצר־הרע, פול גלוסטיגקייט.

איך בעפריי מיר קוים אַ האַנד. אין דער רגע כאַפּ איך אַרויס פון טאַש דאָס כלאָראָפאָרמירטע טיכעל. פּאָכע דערמיט אין דער לופט. באַלד גיב איך עס איהר אַ זעץ צו צו דער נאָז, צום מויל. איך פערשטופּ איהר דעם אָטעם. זי טוט אַ טיפען קרעכץ ווי זי וואָלט מיר פּלוצלינג אין די הענד אָפּגעשטאָרבען. זי הערט זיך מיט אַ מאָל אויף צו בעוועגען. איהר קאָפּ פאַלט הינ־טערוויילעכטס. די אויגען האַלב־פערמאַכט. אַ טויטער, נאָר הייסער קערפּער בלייבט מיר אין די הענד.

איך פיהל ווי מיינע ליפּען קרימען זיך אין אַ ווילדען שמייכעל: זי איז מיינע. ווען איך וואָלט זי איצטער מערדעריש געשלאָגען, וואָלט איך מיך געקיהלט. אָ, איך וואָלט געהאַט הנאה! דאָס טויטע הייסע מיידעל ליגט אין מיינע אָרעמעס ווי אַ שפּילעכל! איך קוק

אויף איהר: אָט אָ דאָס אָהנמעכטיגע פּרויענצימער האָט מיך אַזוי לאַנג געמאַטערט! שטילער, שטילער. זי שלאָפט. אין שלאָף איז זי נאָך שענער. פרישער. א זאַפטיגער עפּעל. איך קוק אויף מיין קרבן מיט פאַר־געניגען. פאַרזיכטיג גיב איך מיך אַ בויג־אַראָפּ צונ׳איהר און טו איהר אַ קוש אויף די ליפּען.

די ליפּען זענען קאַלט, זיי טראָגען אויף זיך דעם ריח פון נאַרקאָזע.

איך הויב זי אָן צו קושען אויף די אויגען, אין די באַקען. איך בייס איהרע האָר. איך קוש זי וואָס אַ מאָל ווילדער, וואָס אַ מאָל ליידענשאַפטליכער. אָט איז זי, אָט איז זי. איך הויב זי אויף ווי אַ קינד און דריק זי צו צו מיר. ווי וואַרים עס איז איהר גוף. איך קוש זי אויפן האַלז און נורע מיר איין ס׳פּנים אין איהר מאַרגען־קלייד. איך זויג איין אין מיר דעם געשמאַק פון איהר געוואַנד. דעם געשמאַק פון פרויען־לייב... אָ, איך בין גליקליך!

איך האַלט זי אונטערן אָרעם. זי שלאָפט. איך פאַרדעק איהר נאָך אַמאָל ס׳פּנים מיטן נאַרקאָטיזירטען טיכעל. (זי זאָל נישט דערווייל אויפקומען.) זי זיפצט טיף אָפּ און שלאָפט ווייטער. אַך, ווי זי איז שען. ווי שען זי שמייכעלט אין שלאָף. איהרע באַקען רייטלען זיך אין שטילען באַגעהרען. איך וועל זי איצט אין גאַנצען האָבען. אינגאַנצען האָבען...

קושענדיג טראָג איך זי צו צום בעט. לייכט אויףביידע הענד ווי אַ צאַרטען אוצר. איך לייג זי אַנידער אויפן בעט. איהר קאָפּ פאַלט מיד אויפן ווייסען שפּיצענעם קישען. איהרע שוואַרצע האָר מישען זיך מיט די צו־קנייטשטע שפּיצען.

זי גיט זיך אַ לייכטען ריהר. איך דעק איהר נאָך אַמאָל צו ס'פּנים מיטן נאַרקאָטיזירטען טיכעל. זי שלאָפט ווייטער ווי אַ שטילער מלאך. אַ צנועה. איך וויל זי האָבען אַלס אַ צנועה, אַלס אַ נאַיווע און אונשולדיגע. ליבע. איך וויל גלויבען אַז זי איז נאָך אונשולדיג... מיין ערשטע ליבע. איך רעד צו נ'איהר אונפאַרשטענד־ליכע ווערטער. צערטליכקייטען. גלעט זי איבער די האָר, איבערן האַלז, בויג מיך צו איהר אַראָפּ, בעהויך זי מיט מיין אָטעם און שמייכעל, שמייכעל ווילד. מיט ציטערדיגע הענד קנעפּעל איך אויף איהר זיידען מאָר־גען־קלייד, קנעפּעל אויף...

---

דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות קאָן זיך נישט איינהאַלטען:

— המ... דערפון... איז גאָר נישט געוואָרען.

פיינשטיין קוקט מיך אָן מיסטעריאיש:

— אָ, איהר זענט נייגעריג—זאָגט ער זעהר שוואַך. ער מאַכט פלוצלינג צו די אויגען און פערהוסט זיך שטאַרק. ער הוסט הויל. זיין גאַנצער צובראָכענער גוף ווערט אויפגעטרייסעלט. קוים וואָס ער דערהויבט זיך פון פעלד-בעטל, טוט אַ קוק אויפן זייגער און זאָגט:

— טרויעריגע געשיכטען. אַלצדינג הינטער מיר. צי וואָס נאָך וועגען זיי רעדען, פריינד? איצטער בין איך פילאָזאָף. סטאָאיקער. איך לעב מחוץ די וועלט, מחוץ די צייט, מחוץ די פערלאַנגען... מיין חרובע'ר קערפער איז נאָך בלויז אַ צעריסענע סאָגע אויף מיין געטליכער בעלאַנגלאָזיקייט. אָט אָ דאָס זעקעל-ביינער—דער גוף מיינער—וועלכען עס שלעפט מיט זיך מיט אַ פילאָזאָף אויף זיין וועג צו די גרויסע בעטראַכטונגען, מוז איצטער שטאַרק פיבערען. דעם גוף איז קאַלט און ער ציטערט. איך מוז איהם אָנפּאָיען מיט אַ ביסעל נישטיגער מעדיצין און איהם אַרונטערלייגען דעם טערמאָמעטער אונטער דער פּאַכווע, כדי צו וויסען אויב ער האָט נאָך וואַרימקייט. דער דאָזיגער צופּוילטער לבוש פון דער נשמה, ער איינער שטערט מיר נאָך צייטענווייז אין דענקען. וואַרט צו פריינד מיינער, אַ פילאָזאָף געהט אָפּצאָהלען אַ קליינעם טריבוט פאַרן פלייש. ער געהט אין זיך אַריינגיסען אַ לעפעל מעדיצין.

פיינשטיין וויל אוועק געהן.

איך קאָן נישט בעהערשען מיין אומגעדולדיגקייט און זאָג שטילערהייד:

— איהר אינטריגירט מיך.

איך פּריוו איהם אויפהאַלטען.

פיינשטיין נעהמט דעם שטעקען. שטאַרק הוסענדיג שלעפּט ער זיך קוים צו צו דער טיר פון דער וואַרענדע.

ער געהט אַרויס.

אַ פּגר—קלערט בּיי זיך דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות און קוקט איהם נאָך. ער וויל עפּעס זאָגען, נור דאָ הויבּט זיך אָן פּלוצלינג אויף דער וואַרענדע אַ בעוועגונג.

די בּעוועגונג איז צווישען די קראַנקע וואָס ליגען ווייט פון אונז אויף ווייערע פעלד־בעטלעך. (זיי האָבען נישט געהערט דעם שמועס צווישען מיר מיט פיינ־שטיין'ען. דער שמועס איז צוגעגאַנגען גאַנץ שטיל. פיינשטיין האָט זיין דערצעהלונג כמעט אַרויסגעכאָר־כעלט. אפשר האָט זיי אויך נישט אינטערעסירט וואָס דער דאָזיגער מת—וייער געהיימנישפולע שרעק—דער־צעהלט. פיינשטיין'ען איז דאָך גלייכער נישט צו בּע־מערקען. יאָ, צו פערגעסען זיין אַנוועזענהייט. יעדע מינוט קאָן ער שטאַרבען. אויף דער וואַרענדע איז שוין פון אַ לענגערע צייט גאַנץ שטיל. די קראַנקע לייענען

צייטונגען, אָדער דרימלען אונטער דער וואַרימקייט פון דער זון.)

אַ קראַנקער קומט אָנצולויפען אויף דער וואַרענדע. ער לויפט צו צו עטליכע און הויבט זיך אָן צו שושקען.

צווישען די פעלד־בעטלעך פערשפרייט זיך ראַש די אונגעוועהנליכע ידיעה:

— זי איז דאָ. בערג'ס געליבטע איז אָנגעקומען אין סאַנאַטאָריום. זי איז שוין אונטען אין צימער ביים דאָקטאָר. דוכט זיך, זי געהט מיט איהם אויף די טרעפען אַהער אויף דער וואַרענדע. זי געהט אין קאַנצעלאַריע אַריין.

אַלע זעצען זיך מיט אַמאָל אויף אויף זייערע פעלד־בעטלעך. אויף דער וואַרענדע הערשט אומרוהיגקייט. אַלע אויגען קוקען אויף דער טיר.

די טיר עפענט זיך. עס בעוויזט זיך די שלאַנקע בלאָנדע געשטאַלט פון סאַנאַטאָריום־דאָקטאָר אין זיין ווייסער מאַרינאַרקע. ער שטעלט זיך אָפּ פאַר דער שוועל און ווייזט העפליך מיט דער האַנד עמעצען הינטער איהם, ער זאָל אַריין טרעטען דער ערשטער.

עס קומט אַריין אַ דאַמע אין דער בעגלייטונג פון דאָקטאָר. עלעגאַנט אָנגעטון, אין אַ מאָדערן העל־טונקעל רייזע־קלייד. אַ שלאַנקע עטוואָס צאַרטע פיגור. דאָס

פנים טיף פערשלייערט אין אַ געדיכטען וואוּאַל. די שפּיצען פון וואוּאַל פאַלען איהר אַראָפּ אויף די אַקסלען. אין איהרע שמאָלע הענד אין שווארצע האַנדשוה האַלט זי אַ ברוינע לעדערנע טאַש. זי געהט שטאָלץ איבער די שוועל אַריבער און פערבויגט זיך לייכט פאַר די קראַנקע. פון הינטער די שלייערן אַפער פיהלט זיך דאָס פרישקייט אין יונגקייט פון פנים.

די קראַנקע בלייבען ווי צוגענאָגעלט אויף זייערע פעלד־בעטלעך. אַ מערקווירדיגער היפנאָז האַלט זיי אין דעם אָטעם. זי: די פרעמדע. די אונבעקאַנטע פרעמדע איבער וועלכע בערג האָט זיך דערשאָסען. בערג'ס געליבטע צווישען זיי. זיי טרויען זיך קוים צו קוקען. גלייך אַ ריח פון אַ געהיימנישפולען און זיסען גיפט וואָלט זיך פערשפּרייט פון איהר פערזאָן. זיי געמאַכט שכור. טיף שוויגען טרעט פּלוצים איין. איהר אָנבליק בלויז—וויפיל תאוה וועקט ער אין זיי, וויפיל סַכָּנָה! (פרויען איבער וועלכע מ'שטאַרבט, איהר זענט פורכ־טערליך און גלוסטיג, איהר הערליכע מערדערינס!). אַ זיסער שוידער געהט אַדורך די קראַנקע: אָט איז זי! יענע. איהר שאָטען—טויט און ליבע. די הערצער אין די קראַנקע גופים אויף דעם דאָזיגען שווינדזוכט־קלויסטער פון לעיזען קלאַפּען איהר אַנטקעגען מיט אונבעקאַנט באַגעהרען. אַלע אויגען ברענען.

די שטעלט זיך נישט אָפּ. מיט שנעלע און נערוועזע

טריט בעאומרוהיגט פון די בליקען פון די קראַנקע געהט זי פערביי פאַר די פעלד־בעטלעך. זי געהט צו צו דער באַריערע פון דער וואַרענדע. בויגט זיך אַריבער איבער דער באַריערע אין דרויסען אַרויס.

דער דאָקטאָר הינטער איהר מיט אַ קאַוואַלערען־בעוועגונג ווייזט איהר מיטן פינגער:

— דאָס איז דער גאָרטען. אונזער סאַנאַטאָריום־גאָרטען. אונטען האָבען מיר רויזען.

ער גיט צו מיט אַ באַלעהרענד קול:

— אין דעם הויכען און קיהלען אַלפען־קלימאַ כון לעיזען וואַקסען זיי אָרים.

מיר הערען זי נישט ענטפערן. זי דרעהט זיך נאָר אום, און מיט אַ האַסטיגער בעוועגונג הויבט זי אויף דעם קאָפּ און קוקט זיך אַרום אויף די פעלד־בעטלעך און אויף די קראַנקע וואָס זענען אויף זיי אויסגעלייגט.

טיפע שטילקייט. אַלע בליקען זענען אויף איהר געוואָנדען.

דער דאָקטאָר רייסט איבער די פויזע; שטיל טרעט ער צו איהר צו:

— איהר וועט ערלויבען אַהין אין קאַנצעלאַריע אַריין, אָט דאָ די טיר נעבען דער וואַרענדע.

זי ניקט מיטן קאָפּ. לאַנגזאַם פערלאָזט זי די וואַרענדע מיטן דאָקטאָר.

די טיר הינטער איהר ווערט פערמאַכט.

די קראַנקע קוקען זיך איבער. עס געהט אַ געפּליסטער ווי בגנבה:

— בערג׳ס געליבטע. האָט איהר זיך צוגעקוקט? בערג׳ס געליבטע.

— ווי שטאָלץ! —רופט זיך אָן גאָלדמאַן—אָרימער בערג.

— זי מוז האָבען אַ רוהיג געוויסען. זי טראָגט נישט קיין טרויער.

אויף די אָרעפּען הערט זיך הוסטען. פיינשטיינ׳ס בעקאַנטער הוסט. פיינשטיין קומט אָן צו געהן. ער שלעפּט זיך צו צום פעלד-בעטל. דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות לויפט איהם אַנטקעגען.

— פיינשטיין, איהר האָט פערשפּעטיגט. אַ שאָד. איהר וואָלט אַ קוק געגעבען אויף בערג׳ס געליבטע. (דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות נעהמט איהם אָן פאַר דער האַנד און פיהרט איהם צו צום פעלד-בעטל.) איך מוז מיך מודה זיין איהר האָט מיך נייגעריג געמאַכט מיט אייער דערציעהלונג.

פיינשטיין זעצט זיך אַנ׳אָפּגעמאַטערטער אויפן פעלד-בעטל. ער דעקט זיך די פיס איבער מיטן פלעד. מיט זיין קנאָכעריגער פערוויאַניעטער האַנד ווישט ער זיך פאַמעליך אַראָפּ דעם שווייס פונם שטערען. ער קוקט מיך אָן ווי ער וואָלט מיר נישט געטרויט. ער גיט

אַ שטילען שמייכעל און זאָגט מיט אַ טאָן פון געניויט־קייט:

— שטעלט אייך פאָר, איהר ליבער פריינד, יענער „הערליכער” גוף—דער אידעאַל פון מיין ליבע—איז געוועו צופרעסען פון אַ העסליכער הויט־קראַנקהייט. אונטער דער ברוסט האָט זי געהאַט פיל עקעלהאַפטע געשווירען און אַנ'עפּנונג—ממש אַ לאָך פון טינופת. ווי ווייט מיין בליק האָט נאָר דערזעהען, זענען די ברוסטען בעשיט מיט מיאוסע רויטע פלעקען, ווי מיט בליהענדיג גיפט. דאָס דאָזיגע מצורע'דיגע ליייב האָט געהאַט דעם אויסזעהען פון אַ קללה. אַ פגר. צעפוילט און לעבט. ווי מענשליכער קערפּער קען זיין אַזוי גאַנגרעניזירט! נידערטרעכטיגקייט. איהר בין איך נאָכ־געלאָפען! זי האָב איך געליבט און געוואַרט אויף דער מינוט פון דערפילונג. מיין נשמה איז געוועו דער־שלאָגען פון עקעל. זי ליגט אַנ'אויפגעקנעפּעלטע און שלאָפט פון דעם נאַרקאָז. זי שמייכעלט אין שלאָף ווי זי וואָלט זיך אויסגעלאַכט פון מיר. אַנ'אונהיימלי־כער כעס וועקט זיך אין מיר. איך טו איהר אַ שפּיי אויף דער ברוסט, פערלאָז דאָס צימער און אַנטלויף אַ צוטראָגענער, ווי נאָך אַ בעגאַנגען פערברעכען.

דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות ווערט מיט אַ מאָל זעהר אומעטיג. ער זאָגט מיט אַ זיפץ:

— איהר זענט אַ פילאָזאָף, פיינשטיין, איהר זענט אַנ־אמת׳ער פילאָזאָף.

פיינשטיין כאָרכעלט ביטער:

— אַ פילאָזאָף. איבער קרעציג און פערעפּוש׳ט לייב בין איך געקומען נאָך לעיזען און... צו די וואָהרהייטען פון דער אַנטיקע. אָ, מאַרקוס אַאורעליוס, גרויסער רוי־מישער צעזאַר! ווער ווייס וואָסערע זעלטזאַמע וועגען האָבען איהם צוגעפיהרט צו די „זעלבסט־בעטראַכטונ־גען". אָ, שיקזאַל! וואונדערליכער שיקזאַל פון די מענשען און פון דער ליבע. דעם זעלבען טאָג האָב איך נאָך פערלאָזען דאָס שטעדטעל, וואו כ׳האָב זי געטראָפען, ווי מ׳פערלאָזט אַנ׳אָרט פון מגפה. אַ חרוב׳ער, אַ קראַנקער, ענטוישט. יעדער מינדסטער גלויבען אין לעבען איז מיר צוגענומען געוואָרען, יעדע מינדסטע האָפענונג, יעדע מינדסטע פרייד. וואָס איז דען לעבען, אויב נישט האָפענונג? ערשט די פילאָזאָפען פיהרען אונז אריין אין דעם גן־עדן פון האָפענונגס־לאָזיגקייט. אויך איך האָב נישט מעהר געהאָפט. נישט אויפן לעבען, נישט אויף דער וועלט. אַ פוסטקייט איז מיר געבליבען אין האַרצען. דער שפּיי אויף איהר צע־פוילטער ברוסט איז געווען אַ שפּיי אויף מיר אַליין. אויף מיין נישטיגקייט. דער מענש איז אַ וואָרים, הערט איהר. וואָס האָט אַ וואָרים צו האָפען? אין יענעם מאָמענט איז פאַר מיר אַלצדינג געווען געענ־

דיגט. די ליבע האָט מיך אויפגעגעסען. דאָס שפּיל איז געקומען צום סוף. דער העלד פון שיקזאַל איז אונטער־געגאַנגען.

דער שרייבער פון די דאָזיגע שורות זאָגט זעהר שטיל:

— איהר קענט די געשיכטע פון ריימונד לולוס? איהם האָבען אויך די חלומות פון דער ליבע צוגעפיהרט צו ב'אַ גיהנם. ער האָט דעריבער פערלאָזען דעם הויף פון קעניג פון מאַיאָרקאַ און איז אַוועק אין דער מדבר תשובה צו טון.

פיינשטיין גיט זיך אַנ'אויפגערעגטער אַ הויב אויפן פעלד־בעטל.

— אָ, דו וועלט פון נישטיגקייט, איז דען פאַרהאַן פאַר דיר תשובה? אייער ריימונד לולוס איז נישט געווען קיין פילאָזאָף. ער האָט געגלויבט אין תשובה. וואו איז דאָ תשובה, ווען אַלצדינג איז בלויז קאָמעדיע? דאָס לעבען איז אַנ'אונטערגעהענדיגע שיף, נאָר די דאָזיגע וואָס מאַכען שלום מיטן גורל און וואַרטען, זיי—די איינציגע וואָס זענען אפשר אַ מאָל גליקליך.

— גליקליך. וואָסער גליק וואַרט נאָך דאָ אויף אונז? דאָ אין לעיזען.

— מיר זאָלען צופולט ווערען אין גאַנצען. מיר ווערים. מיר וואַרטען ביז צום סוף און וועלען זעהען ווי די קאָ־מעדיע וועט זיך אויסשפּילען. דערווייל לעבען מיר אין די ביכער.

— די ביכער... איך האָב דאָך אייך שוין געזאָגט, ליבער פיינשטיין, טיילמאָל וועקט זיך אין מיר קעגען זיי ספקות.

— איהר ווילט דאָך אַ מדבר, איהר ריימונד לולוס. אָט איז זי, די מדבר! אַ וויסטע מדבר. זי ציהט זיך אונענד־ליך אין דעם מענשליכען מח. פון אָנהויב פון די דורות ביז צו זייער סוף. קאַלט איז די דאָזיגע מדבר, גרויזאַם, אָהן אויסוועג. אַהין דאַרפֿען מיר אַנטלויפען. מיר פער־לוירענע. זי וועט אונז טרייסטען, די ביכער־מדבר, מיט איהר האָפענונגסלאָזיגקייט. פאַר דעם טויער פון דעם ווירקליכען געדאַנק שטעהען אויסגעקריצט יענע ווער־טער, וואָס פאַרן טויער פון דאַנטעס גיהנם: דאָ לאָזט זיך אויס יעדע האָפענונג...

פיינשטיין האַקט אָפּ. ער ציהט זיך פאַמעליך אויס אויפן פעלד־בעטל און שליסט די אויגען פאַר מידקייט.

ביי דער טיר וואָס פיהרט פון וואַרענדע אין דער קאַנ־צעלאַריע אַריין הערט זיך אַ לייכטער קלאַפּ.

די טיר עפענט זיך. די אונבעקאַנטע פרוי בעווייזט זיך ווידער אויף דער שוועל. איהר פנים איז איצטער אָפען. דער שלייער איז איהר אַריבערגעוואָרפען איבערן הוט. זי בלייבט שטעהן אויף דער שוועל, ווי זי וואָלט זיך וועגען עפּיס מיַשב געווען. זי שמייכעלט. שמייכעלט קיהל.

זי מאַכט אַ טריט און הויבט אָן צו צו־געהן צו אונז. צו די פעלד־בעטלעך פון מיר מיט פיינשטיינ׳ען. זי טרעט אונטער די בליקען פון אַלע קראַנקע. אונטער אַלגעמיינער שטילקייט. דער דאָקטאָר אין דער ווייסער מאַרינאַרקע געהט איהר נאָך. איך דערהויב מיך אַביסעל אויף מיין געלעגער און שטאַר אַהין אויף איהר פערזאָן. איך דער פילאָזאָף ווער אויך נייגעריג צו קוקען אויף בערג׳ס געליבטע. ווי שטאָלץ זי איז דאָ צווישען אונז קראַנקע! זי דערנעהנטערט זיך, דערנעהנטערט זיך.

זי בלייבט פלוצלונג שטעהן גלייך ווי אַ שלאַנג וואָלט איהר אַ ביס געגעבען אין „פוס אַריין. זי גיט זיך אַ וואַקעל.

זי ווערט בלאַס, זעהר בלאַס. דאָס פנים איהרס ווערט ווי טויט. די האַנד אין דער שוואַרצער הענדזשקע, אין וועלכע זי האלט די לעדערנע טאַש, ציטערט. זי האַלט זיך קוים.

פיינשטיין עפענט פאַמעליך די אויגען, ווי דאָס שטומע שווייגען אויף דער וואַרענדע וואָלט איהם געשטערט. ער דרעהט זיך איבער אויף דער זייט, הויבט אויף דעם קאָפּ און קוקט זיך אַרום.

ער גיט אַ שפּרינג־אויף פון געלעגער, טוט אַ שליידער אַ וועק דעם פּלעד און לויפט צו צו דער בלאַס געוואָרענער פרעמדער.

ער גיט איהר אַ רגע אַ קוק אַריין אין פּנים. מיט אַלע כּחות גיט זי זיך אַריס־אַוועק פון אָרט, און הויבט שנעל אָן צו פערלאָזען די וואַרענדע.

פיינשטיין שרייט אויס מיט אַ הייזעריג אומענשליך קול:

— דאָס איז זי דאָך!...

זיינע ליפּען ציטערן דערביי ווי אין פיבער. אין די ווינקלען פון מויל האָט ער שוים.

— זי לעבט נאָך...

דער סקעלעט פיינשטיין מאַכט אַ בעוועגונג איהר נאָך צו לויפען, בלייבט אָבער שטעהן און הויבט נאָך איהר אויף אַ פּאָר געלע אויסגעטריקענטע פויסטען.

— זי לעבט נאָך? זי לעבט נאָך אַלץ?—שרייט ער, פיינשטיין, ווי אַ משוגענער מיט די לעצטע כּחות וואָס זענען נאָך איבערגעבליבען אין זיין קראַנקען גוף.

אַ רגע שטעהט ער אַ צוטומעלטער. ער ווייס נישט וואָס צו טון. ער כאַרכעלט נאָר מיט דער ברוסט. די אָדערען אויף זיין דינעם אויסגעדאַרטען האַלז ווערען אָנגעשוואָלען, דאָס פּנים איז איהם בלאָה פאַר כּעס. מיט אַ מאָל פּלאַצט ער אַרויס מיט אַ ווילדען און הייזעריגען געלעכטער:

— איהר טפּשים! — לאַכט הויל דער דאָזיגער האַלב־טויטער שווינדזיכטיגער פיינשטיין, גלייך ווי עס לאַכט

אַ געשפּענסט. אַ קאַלטער שוידער האָט מיך אַרומגענומען, איך בין אַזש אויפגעשפּרונגען פון מיין פעלד־בעטל.

— טפּשים! חמורים! — ווענדט ער זיך פלוצלינג צו די אויפגעשראָקענע קראַנקע. ער טרייסעלט זיך אינגאַנצען און הויבט אויף אין דער הויך זיינע צוויי בלוט־לאָזע הענד:

— איהר וואַרט דאָך זי אָפּ, בערג'ס געליבטע. די פרוי איבער וועלכע ער האָט זיך געשאָסען... דער אידיאָט. איהר ווילט זי זעהען. אָט איז זי! לויפט איהר נאָך און קוקט זי אָן. דער דאָזיגער גוף אונטער די איידעלע קליידער, ער איז אַ צופּוילטער. אַ טנוכת. אַ בייזע קרענק, אַ מיאוסע, פרעסט איהם ווי אַ קללה. איהר לייב איז דאָס לייב פון אַ נבלה, איהרע ברוסטען שטינקען. איך האָב זיי בעשפּיגען, איהר מענשען, איך האָב זיי בעשפּיגען. קוקט זי אָן, לויפט און קוקט זי אייך אָן... צוליב איהר איז ער אומגעקומען — בערג — ער האָט זיך דערשאָסען... דער אידיאָט... דער אידיאָט...

פיינשטיין שרייט נאָך אַלץ ווי וואַהנזיניג און ווייזט מיט די הענד אויף דער טיר, וואו די פרעמדע פרוי איז אַוועק. אַזוי שרייענדיג וויל פיינשטיין אָנהויבען צו דערצעהלען די געשיכטע פון זיין ליבע, נאָר עס פערלאָזען איהם די קרעפטען. ער פאַלט אַ נידער אין

חלשות. ער פּייפט מיט דער ברוסט ווי אַ געשחט'ענער, פאַר די ליפּען האָט ער גלוט. דער דאָקטאָר, וואָס איז ביז איצטער געשטאַנען אַ פאַרשטרייטער און נישט גע־וואוסט ווי צו רעאַגירען, לויפט צו איהם צו. אין עט־ליכע מינוט קומען אויך אָן די אַלאַרמירטע סאַנאַטאָר־יום־דינער אין זייערע ווייסע שירצען. ווי אַ קליין קינד, ווי אַ שוואַך עופה'לע — דערהויבען זיי דעם פערחלש'־טען טויט־קראַנקען פיינשטיינ'ען און טראָגען איהם שנעל אַרויס פון דער וואַרענדע.

אויף דער וואַרענדע בלייבט שטיל. ביי אַלעמען קלאַ־פּען די הערצער. אַ מייל קראַנקע קעהרען זיך אָפּ מיטן פּנים צו די שוואַרצע בערג, ווייט דאָרט הינטערן באַלקאָן, כּדי נישט צו זעהען.

די טיר, דורך וועלכער די פרוי איז אַנטקומען, איז גע־שטאַנען אָפען.

ס'איז שוין שפעט אין דער נאַכט. איך קען נישט שלאָ־
פען. די היינטיגע געשיכטע מיט פײַנשטיינ'ען האָט מיך
געריהרט. אויך דאָס קאַלטע געהאַרטעוועטע האַרץ פון
אַ פילאָזאָף קאָן אַ מאָל געריהרט ווערען. אין נאַכט־
העמד, באָרוויס, אין שטעק־לאַטשען זיץ איך ביי מיין
טישעל און שרייב מעמוּאַרען. אויפן טיש ברענט אַ
סטעאַרין־ליכט. אין צימער איז האַלב טונקעל. אין דער
שפעטער נאַכט הערשט טיפע שטילקייט. דאָס גאַנצע
סאַנאַטאָריום שלאָפט. די ווענד אין מיין צימער זענען
אָנגעזאַפּט מיט שווייגען. איין מענש אליין, אַ שווינד־
זיכטיגער סטאָאישער פילאָזאָף, זיץ איך אין די דאָזיגע
שטומע סאַנאַטאָריום־מויערען און שרייב מעמוּאַרען.
אָ, איהר בעשריבענע אומעטיגע בלעטער, ווען איך
עמעצער לייענען?
נאָך מיין טויט, ווען פון די דאָזיגע האַנד וואָס שרייבט

וועט שוין נישט זיין קיין געדעכעניש, ווען דער דאָזי־גער מידער קראַנקער קאָפּ וועט זיין אַ שאַרבען, דאַ־מאָלס ווען דער שיקזאַל אָדער דער צופאַל וועט ווע־לען אַז אָט אָ די בלעטער זאָלען ערגעץ־וואו פּערוואַל־גערט ווערען און אַ מענשליך אויג זאָל אויף זיי רוהען — יענער איינזאַמער לעזער זאָל ער וויסען: די דאָזיגע מעמואַרען האָט געשריבען אַ פילאָזאָף און ער האָט עס נישט געטון פאַר רוהם. אויך מאַרקוס אַאורעליוס האָט נישט געשריבען פאַר רוהם. רוהם איז נישטיג.

בלויז דעם אמת האָט ער געשריבען פאַר די אָרימע מענשען. דעם ביטערען געטליכען אמת.

איך האַק איבער. היגטער דער טיר הער איך אַ בעווע־גונג. אַ סך מענשליכע טריט געהען זעהר שטיל און פאָרזיכטיג איבער די ווייכע קאָרידאָר־טעפּיכער.

איך דערהויב מיך פון מיין שטוהל. זעהר פאַמעליך, כמעט ווי אויף די נעגעל שלייך איך מיך צו צו דער טיר. דאָס האַרץ קלאַפּט מיר אונרוהיג. מיט אונבע־קאַנטע שרעק, ווי נאָך אַ בייזען חלום. קוים, קוים שפּאַר איך אויף די טיר און בעמיה מיך בעהאַלטען אַרויסצוקוקען.

אין קאָרידאָר איז האַלב־פינסטערליך. אַ רויטליך עלעק־טריש לעמפּעל ברענט.

אויף די טעפּיכער דערנעהנטערן זיך אונהיימליך די

טריט. איך פערשטעק מיך נאָך מעהר הינטער דער טי. איך קוק נור אַרויס דורך אַ קליינע שפּאַרע.

עטליכע מענער געהען זעהר שטיל פערביי אין האַלב־טונקעלען קאָרידאָר. אַ פיר, פינף הויכע געזונדטע מע־נער אין שוואַרצען אָנגעטון. זיי געהען לייכט. לאַנג־זאַם. זיי היטען זיך פאַר זייערע אייגענע שריט. זיי געהען ווי שוואַרצע קאָנספּיראַטיווע פּאַרשוינען וואָס היטען זיך פאַרן מינדסטען גערויש. זיי טראָגען אַ משא: אַ לאַנגען שוואַרצען קאַסטען.

אַנ׳אָרון פון אַ מת.

איך וואַרט ביז זיי פערשווינדען. זייערע שריט פערלי־רען זיך אין דער שטילקייט פון די מויערען. איך גנב׳ע מיך אַ דורך דורך דער טיר און געה זאַכט אַרויס אויפן קאָרידאָר.

אין קאָרידאָר איז צוריק שטיל. שטיל ווי פריהער. טע־פּיכער ליגען ווי שווייגענדיגע וועגען. דאָס רויטע עלעקטרישע לעמפּעל ברענט—אַ נר־תּמיד.

אין קאָרידאָר אין אַ ווינקעל זיצט אַ קראַנקען־וועכטער. ער האַלט נאַכט־וואַך. איך געה צו איהם צו אַ באַרווי־סער, אין נאַכט־העמד.

— ס׳איז פיינשטיין, דער דאָרט אין קאַסטען? — פליס־טער איך שטיל.

ער שאָקעלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און ווייזט מיר מיט אַ פינגער אויפן מויל: ש־שאַ...

# אינהאלט:

אינגיכען ערשיינט

אין

פערלאַג פנחס גראַובאַרד, וואַרשאַ

א. אלמי

# אין עליאַש'ס קיניגרייך

הומאָריסטישע

ליבעס־לידער

מיט צייכנונגען פון

וו. ווײנטרויב

